חיים לעווין

# אמאל און היינט

33106 17

ערשטער באנד

פארלאג פנחס גראובארד, ווארשע

דעם הייליקן אָנדענק פון מיין
זעליקן פאָטער סעדי׳ ב״ר יצחק ז״ל
און זעליקער מוטער שיינע־איידליע
בת ר׳ יחיאל (געב. רייצין) ז״ל
געווידמעט

# אינהאַלט:

38106 17

# ר׳ חיים סמאָליאַנער

אין די שווערע מינוטן פון ליידן און יאוש, ווען דאָס לעבן אַרום פלעגט פלוצלונג נמאס ווערן און צעשטערן דאָס בעסטע, וואָס דאָס יוגנט-האַרץ פאַרמאָגט, פלעג איך אַוועקגיין אויף יענעם קליינעם בערגעלע, וואו מיין באָבע ע״ה האָט געוואוינט, און זיך צוהערן צו אירע מעשהלעך דערציילן.

און שטיל און דערקוויקנדיק פלעגן אַריינדרינגען אירע שיינע, פרומע מעשהלעך צו מיר אין מיין צעווייטיקט האַרץ אַריין און באַרואיקן מיין צעבראָכן געמיט...

* * *

... גרויסע צדיקים האָבן דעמאָלט געלעבט! — פלעגט די באָבע אינדערשטיל דערציילן, און אירע ווערטער פלעגן סודותדיק שוועבן אין דעם נידעריקן, טונקעלן צימער. — זייער גרויסע צדיקים!

— אָט נעם דיין עלטער-זיידן ע"ה, — זיין הייליקער זכות זאָל אונדז ביישטיין! — אַ גוטער ייד געווען, אַ צדיק, מיט אַן אמת יידיש האַרץ, וואָס האָט געוויייטיקט און געדאַגהט פאַר אַלע יידן, פאַר כּל-ישראל. דאָס ביסטו אַ נאָמען נאָך אים — דיר צו לענגערע יאָר! — גרויסע האָפענונגען האָבן דיינע עלטערן אויף דיר געלייגט... מען האָט געמיינט, אַז דו וועסט על-כּל-פּנים נישט פאַרשוועכן דעם גרויסן נאָמען, וואָס דו טראָגסט, און זיין אַ גוטער אייניקל פון דיין גרויסן עלטער-זיידן...

עס האָט זיך אָבער נישט אויסגעלאָזט, ווי מען האָט געמיינט... דו ביסט אַוועק אין אַנדערע וועגן און פיל עגמת-נפש דיינע עלטערן פאַרשאַפט.

קיין גליק האָסטו, ווי עס שיינט, נישט געפונען אין די נייע וועגן, וועלכע דו האָסט געזוכט... טו נאָר אַ קוק, ווי דו זעסט אויס — אויף דיר איז דאָך קיין פּנים נישטאָ! אַ צעבראָכן גוף און אַ צעבראָכענע נשמה. צוויי גלגולים לעבן אין דיר איינס נעבן אַנדערן: דער גלגול פון דעם צדיק דיין עלטערזיידן, און עפּעס אַ נייער גלגול, וואָס דו האָסט געזוכט און נישט געפונען... פירן זיי תּמיד אַ שטרייט צווישן זיך, — געפינסטו קיינמאָל קיין רו נישט, ביסטו שטענדיק אַזוי צעבראָכן...

גאָר אַנדערש איז ער, דיין זיידע, ע"ה, געווען, — אַ גבר איז עס געווען — אין צדקות, ווי פון שטיין אויסגעהאַקט. נישטאָ שוין היינט אַזעלכע זיידעס אפילו... און שיין איז ער געווען, ווי די זון — אַ הויכער וואוקס, פינקלדיקע אויגן, די באָרד, ווי אַ פרישער שניי, וואָס בלישטשעט אויף דער זון, דער שטערן הויך און שיין.

און אַ גוט האַרץ האָט ער געהאַט, זייער אַ גוט האַרץ! אַ ליבע צערטלעכקייט האָט אַרויסגעשיינט פון זיינע גוטמוטיקע

אויגן, ער האָט קיינעם קיין בייז וואָרט אויף זיין לעבן נישט געזאָגט...

אין סמאָליאַן איז ער כל-ימיו געווען א רב און האָט בּצהייסן דעריבּער ר׳ חיים סמאָליאַנער. אויף קיין עשירות און גליקן אין דער וועלט וואָלט ער זיין כסא-הרבנות אין דעם קליינעם שטעטעלע נישט אויסגעביטן. ער איז ביז דער פטירה פאַרבליבן סמאָליאַנער רב. אפילו בעת עס איז נפטר געוואָרן דער רב פון דער דערבייאיקער גרויסער שטאָט און די חשובי-העיר זענען צו אים געקומען בעטן, ער זאָל פאַר-נעמען די כסא-הרבנות ביי זיי, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט. בכדי אָבער עס זאָל נישט קומען צו א מכשול, חס-ושלום, וואָס אזא גרויסע קהלה וועט בלייבן א צייט אָן א רב, האָט ער מסכים געווען צו דערפילן בחנם די התחייבות פון האב״ד אין דער גרויסער שטאָט, ביז וואַנען זיי וועלן אויסזוכן א רב פאַר זיך. פלעגט ער צוויי מאָל אין וואָך צופוס גיין אין דער גרויסער שטאָט און צופוס צוריקקומען קיין סמאָליאַן. אַזוי האָט ער ביז זיין פטירה נישט געוואָלט שיידן זיך מיט זיין ליבן סמאָליאַן.

און געשמט האָט ר׳ חיימס נאָמען אַרום און אַרום אין דער גאַנצער סביבה. פון אַלע עקן און קאַנטן פלעגט מען גיין און פאָרן צו אים נאָך אַן עצה, נאָך אַ ברכה. אַלערליי יידן, און אפילו נישט-יידן, פלעגן קומען צו ר׳ חיימען — ער זאָל צווישן זיי א שלום מאַכן, און ר׳ חיים פלעגט אַלעמען צופרידנשטעלן על צד היותר-טוב.

יום ולילה פלעגט ר׳ חיים זיצן איבער אַ ספר אָדער איבער זיינע כתבים, און נאָר אין די הפסקות פלעגט ער צו-נעמען די פיל באַזוכער, וואָס פלעגן צו אים קומען פון דער באָענט און פון דער וייט. נאָכן דאַווענען, גייענדיק פון שול, פלעגט ער זיך תמיד מתעסק זיין אין עפּעס א דבר-מצווה:

דאָ מבקר-חולה געווען, דאָ מיט אַ גוסס ודוי געזאָגט, וואו דאָס עלנט און שמערץ געלינדערט, און וועמען ליבלעך, פאַר נישט-גוטער אויפפירונג, שטיל אונטער פיר אויגן, אויסגערעדט...

וועגן זיך און זיין פאַמיליע האָט ר' חיים ווייניק געזאָרגט — דאָס איז געלעגן אינגאַנצן אויף זיין פרוי, די באָבע טעמע-רייזע, ע"ה, אויך אַ גרויסע צדקנית געווען!

קיין שכירות אין יענע צייטן האָט אַ רב ביי קהל נישט גענומען — און געלעבט האָט טעמע-רייזע דערפון, וואָס זי האָט פאַרקויפט זאַלץ, ליכט, הייוון.

האָט סמאָליאַן זייער בכבודיק געהאַלטן איר רב, ר' חיימען, האָט זי געוואָלט מיט עפּעס אַרויסווייזן איר ליבשאַפט צו אים — האָט די גאַנצע שטאָט ביי טעמע-רייזען זאַלץ, ליכט און הייוון געקויפט. האָט ר' חיים באַמערקט פּלוצלונג אַ שפע ביי זיך אין שטוב — האָט אים באַנג געטאָן... אפשר נעמט ער אָפּ לייזונג ביי די קרעמער פון שטאָט? האָט ער דאָס ווייב געבעטן, זי זאָל נאָר איינמאָל אין וואָך איר „סחורה" פאַרקויפן — דער אויבערשטער וועט, נישקשה, ממלא זיין! טעמע-רייזע האָט געפאָלגט; אַ צדקנית אַ יידענע געווען!

נאָר ר' חיים האָט אַלץ מורא געהאַט, אַז ער איז נישט יוצא קעגן דעם כביכול, און האָט אַלץ באַדויערט, וואָס ער קען נישט מקיים זיין דעם: „היה מפזר את הונך לעניים!"

אַליין האָט ער מיט געלט-ענינים קיינמאָל זיך נישט מתעסק געווען און האָט קיינמאָל ביי זיך קיין געלט נישט געהאַט...

האָט ער באַגעגנט אַ ייד אַן אָרעמאַן אָדער אַזוי אַ נצרך, פרעגט ער אים אָפּשיקן צו טעמע-רייזען און האָט דעם שטאַרק אָנגעזאָגט, אַז פון זיין שטוב זאָל געגעבן ווערן „מעשר" פון אַלץ פאַר אָרעמעלייט. האָט געטראָפן, אַז טעמע-

רייזע האָט אויך נישט געהאַט מיט וואָס צו באַפרידיקן דעם אָרעמאַן, פלעגט ער אים שיקן מיט אַ צעטל צו די גבאים פון שטאָט—און די גבאים האָבן קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט ר׳ חיימס בקשה.

נאָר דאָס אַלץ איז נאָך נישט גענוג געווען פאַר ר׳ חיימען: האָט ער נישט-זעלטן פון זיין אייגן לייב די מלבושים אויסגעטאָן און דעם נויטבאַדערפטיקן אַוועקגעגעבן.

האָט אַמאָל געטראָפן — עס איז דווקא ווינטער געווען — אַ שווערער, זייער אַ שווערער ווינטער, אַז השם ירחם! — גייט אַ ייד — אַ יאדושליוועד געווען — קען ער דעם אָטעם פאַר קעלט נישט כאַפּן און פאַלט אַנידער אויפן שניי... דאַרף בשעת-מעשה אָנגיין ר׳ חיים — זעט ער אַ ייד ליגט אין חלשות אין אַ צעפליקטן טשערטאָקאָזשענעם רעקל, וואַרפט ער אַראָפּ פון זיך דעם פוטער זיינעם מיט דעם גרויסן פיזמענעם קראַגן — נאָך פון דער חתונה געהאַט — און וויקלט-איין אין דעם דעם ייד... און אַליין אַזוי אַוועקגעגאַנגען אַהיים... איך בין—זאָגט ער—נישט קיין יאדושליוועד, וועל איך אָן אַ פוטער אויסקומען...

אָט אַזאַ ייד איז ר׳ חיים סמאָליאַנער געווען!

אָבער מער פון אַלעמאָל האָט זיך ר׳ חיים נישט געקענט אָנגעמען קיין מי און קיין זאָרג פאַר אַ יום-טוב, באַזונדער׳ס ערב-פסח!

איז געקומען ערב-פסח, פלעגט ר׳ חיים נישט רוען ביזן רעכטן ערשטן „סדר“. דער פסח קומט אַזוי שווער אָן, קאָסט אַזוי אומגעהויער טייער, און דאָס שטעטעלע איז אַן אָרעמס — לויטער קבצנים... און נישט פאַר זיך האָט ר׳ חיים נעכט נישט געשלאָפן, נישט וועגן זיין פאַמיליע איז ר׳ חיים אַרומגעגאַנגען אַזוי פאַרזאָרגט, נאָר וועגן דער גאַנצער עדה,

וועגן דער גאַנצער שטאָט: עס גייט אַזאַ גרויסער, אַזאַ הייליקער יום-טוב — דאַרף מען זען, אַז אַלע זאָלן צופרידן זיין, אַלע זאָלן גליקלעך זיין, פאַר אַלעמען זאָל דער הייליקער יום-טוב טאַקע אַ געווינטשטער גאַסט זיין!

פאַר פּורים נאָך פלעגט ר׳ חיים כסדר רעכענען און חשבונען מיט די גבאים פון שטעטל, ווי-אַזוי עס זאָל אַלץ באַזאָרגט ווערן, עס זאָל, חס-ושלום, קיין זאַך נישט געמינערט ווערן.

און אַ טאָג פאַרן ערשטן סדר פלעגט ר׳ חיים ערשט לייכטער אָפּעטעמען און נעמען זיך ערשט בודק זיין דעם חמץ ביי זיך אין שטוב. אַזוי פלעגט זיין אַלע יאָר, אַזוי איז אויך געווען יענץ יאָר. מערנישט שווערער אַ ביסל איז דאָס יאָר אָנגעקומען די חלוקה פון „מעות-חיטים״ — אַ שווער יאָר, און דאָס שטעטל איז נאָך מער פאַראָרעמט געוואָרן!

... פונקט ערב-פּסח. עס איז געבליבן נאָך עטלעכע שעה ביזן זעצן זיך צום סדר. עפנט זיך ביי ר׳ חיימען די טיר און עס קומט אַריין אַ ייד. ר׳ חיימען איז דער ייד אַן אומבאַקאַנט פּנים — ערשט נישט-לאַנג געקומען אַהער פון אַ דערבייאיקן אָפּגעברענטן שטעטל.

— רבי, — זאָגט דער ייד, — איך בין געקומען צו אייך אַ שאלה פרעגן...

— וואָס איז?! — פרעגט ר׳ חיים אַ ביסל דערשראָקן. — וואָס האָט געטראָפן?

— גאָרנישט, רבי. איך וויל נאָר פרעגן, צי מעג איך די „ארבע-כוסות״ מאַכן פון מילך?...

ר׳ חיים האָט גאָרנישט געענטפערט, מערנישט דאָס געזיכט זיינס איז נאָך בלאַסער געוואָרן און ער האָט זיך פאַרטיפט אין שווערע געדאַנקען:

– האָב איך, הייסט עס, אַ טעות געהאַט – נאָך נישט אַלע קענען זיך צום „סדר" זעצן...

און האָט אויף דער גיך אָנגעשריבן אַ צעטעלע צום גבאי, ער זאָל דעם ייִד געבן דריי רובל, און האָט עס אָפּגעגעבן דעם ייִד.

– גייט צום גבאי – ער וועט שוין אייך אַ תשובה געבן.

דער גבאי האָט אפילו גלייך דערפילט דעם רבינס בקשה, ער איז אָבער געווען זייער פאַרוואונדערט, וואָס דער רבי פּאָדערט פאַר דעם ייִד אַזאַ סכום, בעת נצרכים זענען דאָ אַזוי-פיל און „מעות-חיטים" איז בצמצום... איז דער גבאי אַוועק צו ר' חיימען.

– רבי, נישט שוין-זשע ווייסט איר נישט, אַז דריי רובל אויף „ארבע-כוסות" איז אַ צו-גרויסער סכום, און אויב מיר וועלן אַזוי „שפּאָרזאַם" זיין, וועלן מיר קוים אַלעמען קאָנען באַפרידיקן!

– וואָס פאַרשטייסטו נישט, קינד מיינס, – האָט ר' חיים מיט זיין ליבן שמייכל געענטפערט, – דער ייִד איז דאָך געקומען אַ שאלה פרעגן: צי מעג ער מילך פאַר די „ארבע-כוסות" נעמען, איז דאָך בכן די סברה, מחייב, אַז ער האָט קיין פלייש אויך נישט! אַ כשרער ייִד וועט דאָך נישט עסן צום „סדר" בשר וחלב...

דער גבאי איז צופרידן געבליבן פון דעם קלוגן איינפאַל, און ר' חיים איז אויף דעם פּסח צופרידענער געווען, ווי אַלעמאָל...

* *
*

... אַזעלכע מענטשן זענען עס געווען! — האָט די באָבע איר מעשהלע פֿאַרענדיקט. — גרויסע מענטשן, צדיקים!.. אין זייער זכות האָט דאָס פֿאָלק ישראל דעמאָלט זיין עלנט ווײַניקער געשפּירט...

# יאַקוב אַנאַטאָליעוויטש

דורך אַן אַנטרונענעם פון יענער זייט גרענעץ האָב איך דאָ נישט-לאַנג באַקומען די קורצע ידיעה, אַז יאַקוב אַנאַטאָליעוויטש לעבט שוין נישט...

יאַקוב אַנאַטאָליעוויטש טויט!

אויף דעם ברייטן עולם, וואָס ווייסט נישט ווער יאַקוב אַנאַטאָליעוויטש איז, וועט דידאָזיקע בשורה, ווי נאָך אַ סך אַנדערע ענלעכע ידיעות, וואָס גרייכן צו אונדז טאָג-טעגלעך פֿון „יענעם טאָל פון טרערן און טויט", אפשר קיין גרויסן רושם נישט מאַכן: מ'איז אַזוי שוין צוגעוואוינט צום מענטשלעכן טויט, דאָס אפילו דער טויט פון גאָר נאָענטע האָט שוין אויפגעהערט צו רירן...

און דאָך האָט די קורצע בשורהלע מיט אַזאַ יאוש און שטומען ווייטיק זיך אָפּגערופן אין מיין האַרצן, אַזוי ווי כ'וואָלט דעם נאָענטסטן און ליבסטן צו דער קבורה באַגלייט...

און מערקווירדיק — פאַר דער גאַנצער צייט, וואָס איך בין פאַרוואָגלט פון מיין היים, האָב איך מיט אַ הייליקן ציטער און בענקשאַפט תמיד געדענקט וועגן 2 נפשות, וועלכע האָבן טיף אין מיין נשמה געלעבט און תמיד אָן מיין היים

און יוגנט מיך ערינערט – דאָס איז פריער זי, מיין זעליקע מוטער ע"ה, און נאָכדעם יאַקוב אַנאַטאָליעוויטש...

וועגן ביידנס טויט האָב איך זיך גאַנץ צופעליק דער־וואוסט, און ביידנס קברים האָבן מיינע טרערן נישט באַפייכט...

וועגן מיין מאַמעס טויט האָט מיר אָנגעזאָגט אַ קורץ בריוועלע פון אַן אַלטער פריינדין, וועלכע האָט אפילו דייט־לעך נישט דערמאָנט, אַז די מאַמע איז טויט, נאָר געענטפערט בלויז אויף מיינער אַן אָנפראַגע – צי די מאַמע נויטיקט זיך אין הילף, מיט פאָלגנדע פאַרטווישטע, אָבער דאָך אַזוי קלאָר און נישט־צווייטייטיק רעדנדיקע ווערטער:

– „דיין מאַמע נויטיקט זיך שוין מער נישט און באַ־דאַרף קיין זאַך נישט האָבן"...

אַ קאַלטע שרעק האָט געווייט אויף מיר פון די פאָר שורות און עפּעס אַ שטומער פיין האָט אין מיר דעם קוואַל פון טרערן אויסגעטריקנט...

די צווייטע ידיעה האָב איך שוין דורך אַ פרעמדן אומ־באַקאַנטן דערהאַלטן, וועלכער האָט אפילו נישט פאַרשטאַנען, וואָס פאַר אַ ווייטיק ער פאַרשאַפט מיר מיט זיין קאַלטער אומדערבאַרמלעכער בשורה. –

נישטאָ שוין מער יאַקוב אַנאַטאָליעוויטש! צוויי טייערע קברים פאַר אַ מאָל, און מיר דאַכט, אַז איך שטיי נאָך ביי אַ דריטען קבר – ביים קבר פון מיין היים...

* *
*

ווער איז געווען, דער יאַקוב אַנאַטאָליעוויטש?

פאַרן ברייטן פאָלק איז יאַקוב אַנאַטאָליעוויטש געווען אַ דאָקטאָר, וועלכער האָט אין גאַנץ פּאָליעסער סביבה, אויף צענדליקער און הונדערטער מיילן ווייט, געשמט אַלס וואונדערבאַרער אָקוליסט; פאַר מיר אָבער, ווי אויך פאַר צענדליקער אַנדערע יונגע לייט פון מיין שטאָט, איז יאַקוב אַנאַטאָליעוויטש געווען אַ געטרייער חבר, אַ לערער, אַ גייסטיקער פאָטער, וועלכער האָט נישט איינעם פון דער זומפּיקער אומוויסנקייט און פאַנאַטיזם באַפרייט און אין דעם גאָלדענעם היכל פון ליכטיקע אידעאַלן און טרוימען אַריינגעפירט...

פאַר דער אָרעמער פּאָלעסיע איז יאַקוב אַנאַטאָליעוויטש געווען אַן אמת'ער מלאך פון הימל: ער האָט טויזנטער און צענדליקער טויזנטער יידן און פויערים פיזיש צוריק געזונט געמאַכט און דאָס טייערסטע, וואָס אַ מענטש פאַרמאָגט — די ליכטיקע שיין פון זייערע אויגן צוריקגעקערט.

פאַר אונדז איז יאַקוב אַנאַטאָליעוויטש געווען מער, ווי אַ מלאך — ער האָט אונדזערע גייסטיקע אויגן געעפנט...

...יאַקוב אַנאַטאָליעוויטשעס שטוב איז ענלעך געווען צו אַ גרויסער אכסניה אינמיטן וועג, וועלכע איז פון אינדערפרי ביז שפּעט ביינאַכט באַלאַגערט געווען פון פאַרשידענע חוצאים— היגע און געקומענע פון די מרחקים — יידן און פויערים, וועלכע זענען אין פאַרשידענע פּאָזעס, מיט פאַרבאַנדאַזשירטע קעפּ און אויגן, געזעסן אָדער געלעגן אויף די טרעפּ, אין דער גרויסער וועראַנדע, און האָבן אָנגעפילט אַלע צימערן פון יאַקוב אַנאַטאָליעוויטשעס וואוינונג.

און יאַקוב אַנאַטאָליעוויטש האָט ווי אַ גוטער מלאך אַלעמען קורירט אומזיסט. ווּיפל פּאַציענטן ס׳זאָלן נישט זיין — קיינעם נישט געלאָזט לאַנג וואַרטן, אַלעמען טראָפּנס געגאָסן, מיט ווייסע מאַרלע אַרומגעבונדן די אויגן און נישט־זעלטן ערנסטע קאָמפּליצירטע אָפּעראַציעס דורכגעפירט... האָט זיך ווער געטויטיקט אין אַ לענגערער קוראַציע אָדער אין אַן ערנסטער אויגן־אָפּעראַציע, האָט יאַקוב אַנאַטאָליעוויטש איבערגעלאָזן אים ביי זיך און האָט אים שוין נישט אָפּגעלאָזט, ביז ער האָט אים געגצלעך נישט אויסגעהיילט...

דעם גאַנצן טאָג האָט יאַקוב אַנאַטאָליעוויטש אָפּגעגעבן זיינע אָרעמע אומגליקלעכע פּאַציענטן — און ס׳איז גאָר אַ וואונדער געווען, פונוואַנען האָט ער עס געפונען אי צייט, אי ענערגיע אָפּצוגעבן זיך מיט אַנדערע ענינים, וועלכע ער האָט געהאַט זייער פיל, דערהויפּט אַרום זיינע ג י י ס ט י ק ע פּאַציענטן — די פיל יונגע לייט און בחורים, וועלכע זענען אָקאָרשט פון דער ישיבה־באַנק אַראָפּ און האָבן אפילו נישט באַוויזן די פּאותלעך אונטערהאַקן...

צוויי אַריינגאַנגען האָבן געפירט אין יאַקוב אַנאַטאָליעוויטשעס הויז: איינער אַ פּאַראַדנער — פאַר די טויזנטער פיזישע חולאים, און דער צווייטער — דער הינטערשטער אַריינגאַנג, פון הויף, — פאַר זיינע גייסטיקע פּאַציענטן...

פלעגן פוןביידע טירן נאָכאַנאַנד זיך ציען און גיין צו יאַקוב אַנאַטאָליעוויטשן מענגעס חולאים, וועלכע פלעגן צוריק פון אים שוין קומען הן פיזיש, הן גייסטיק געזונטע...

דער פאַרמעגלעכער קלאַס פלעגט ס׳רוב וויכן פון יאַקוב אַנאַטאָליעוויטשעס הויז און אין פאַל פון אַ נויט געפאָרן גערנער פאַר הונדערטער מייל צום באַרימטן אָקוליסט הערשמאַן.

דער לעצטער אָבער, דערוויסנדיק זיך, אַז דער חולה

קומט פון שטאָט מ., פלעגט נעמען טופן מיט די פיס און מוסר'ן אים, פאַרוואָס ער פאָרט אַזאַ מהלך רב, בעת ער האָט ביי זיך אונטערן נאָז אַזאַ מומחה, ווי יאַקוב אַנאַטאָליעוויטש. האָט זיך יענער געפּרוּווט פאַרענטפערן, אַז יאַקוב אַנאַטאָליעוויטש האָט אים נישט געקענט העלפן, האָט אים הערשמאַן קורץ און דייטלעך דערקלערט:

— נו, אויב יאַקוב אַנאַטאָליעוויטש האָט דיר נישט גע־קענט העלפן, וועל איך דיר שוין אוודאי נישט העלפן...

בדלית ברירה פלעגט דער חולה זיך אומקערן אַהיים און זיך געלאָזט אָפּערירן פון יאַקוב אַנטאָלעוויטשן.

פאַר יאַקוב אַנאַטאָלעוויטשעס הויז האָט מען מורא גע־האַט, מחמת אין שטאָט האָט מען געשמועסט, אַז זיין הויז איז אַ נעסט פון כּל־ערליי אפּיקורסים און „סאָציאַליסטן" און אַז אַלדי צרות שטאַמען פון אים...

צוליב דעמזעלבן טעם האָט אויף זיין שטוב געלויערט אויך די „אָכראַנקע", וועלכע פלעגט אָפט צו גאַסט קומען אין זיין וואוינונג, אָבער קיין שום קראַמאָלע נישט געקענט גע־פינען...

יאַקוב אַנאַטאָלעוויטש פלעגט דאַן שפּאַסן פון די פּיפיקע „אָכראַנקעס", וועלכע ווייסן נישט וואו די „קראַמאָלע" צו זוכן — און באַווייזנדיק אויפן קאָפּ פלעגט ער מיט אַ שמייכל זאָגן: אָט וואו די געפערלעכסטע „קראַמאָלע" איז...

דער „נאַטשאַלסטווע" איז יאַקוב אַנאַטאָליעוויטש געשטאַ־נען, ווי אַ ביין אין האַלדז, אָבער פּטור ווערן פון אים האָט זי נישט געקענט, ווייל צו פּאָפּולער און באַליבט איז ער גע־ווען צווישן דער יידישער און נישט־יידישער באַפעלקערונג, און זיין שם־טוב האָט געקלונגען ווייט־ווייט אין דער גאַנצער סביבה אַרום...

און טאָמער האָט די מאַכט אפשר געצווייפלט אין יאַקוב אַנאַטאָליעוויטשעס השפּעה, האָט זי באַקומען די געלעגנהייט איבערצוצייגען זיך דערין.

דאָס איז געווען דאַן, ווען אין שטאָט האָט מען זיך געריכט אויף אַ פּאָגראָם, וואָס די „שוואַרצע מאה" האָט מיט דער הילף פון „נאַטשאַלסטווע" צוגעגרייט, אויפהעצנדיק די „מעשצאַנעס" פון די אַרומיקע פאָרשטעט קעגן די יידן, וועלכע בונטעווען קעגן צאַר...

פון יאַקוב אַנאַטאָליעוויטשעס הויז האָט זיך דאַמאָלסט געלאָזט הערן דער ערשטער רוף צו זעלבסט-שוץ, וועלכער איז שנעל פאַרשפּרייט געוואָרן איבערן שטאָט דורך די פיל יונגע לייט, וועלכע האָבן זיך גרופּירט אַרום יאַקוב אַנאַטאָליעוויטשן.

דער הויפּט-שטאַב פאַר דער גיך-אָרגאַניזירטער זעלבסט-שוץ איז טאַקע געווען יאַקוב אַנאַטאָליעוויטשעס וואוינונג, וועלכע האָט זיך געפונען כמעט ביים עק שטאָט, נישט-ווייט פון היי-מאַרק. צו דער יידישער זעלבסט-שוץ זענען אויך צוגעשטאַנען עטלעכע צענדליק יונגע און מיטעלע פּויערים פון די, וועלכע האָבן זיך קורירט ביי יאַקוב אַנאַטאָליעוויטשן, און האָבן זייער געוויסנהאַפט געטראָגן זייער וואַך אין די יידישע שטאָט-טיילן.

ביים גרויסן בריק איבערן דניעפּר איז דאַן פאָרגעקומען דער ערשטער צוזאַמענשטויס צווישן דער יידישער זעלבסט-שוץ מיט די אויפגערייצטע „מעשצאַנעס", וועלכע האָבן, באַוואָפנטע מיט שטעקנס און מיט אייזנס, געריסן זיך אין האַנדלס-צענטר פון שטאָט.

ס'איז געווען אַ מאָמענט, ווען ס'האָט זיך געדאַכט, אַז אָט-אָט וועלן די פאַרווילדעוועטע „מעשצאַנעס" גובר-זיין דאָס קליינע הייפעלע פון זעלבסט-שוץ. געראַטעוועט האָבן יאַקוב

אנאטאָליעוויטשעס פויערים אין די ווייסע „סוויטקעס״, וועלכע האָבן זיך אַ שאָט .געטאָן פון אַלע קאַנטן אויפן בריק און אין איין כהרף-עין פאַרטריבן די צערייצטע באַנדעס...

אין דערזעלבער נאַכט האָט „נאַטשאַלסטווע״, אויס נקמה, דורכגעפירט זייער אַ שטרענגע רעוויזיע אין יאַקוב אַנאַטאָליעוויטשעס וואוינונג, מ׳האָט אומעטום געזוכט, ס׳זענען אויפגעבראָכן געוואָרן אַלע פּאָדלאָגעס און די אויוונס, און יאַקוב אַנאַטאָליעוויטש אַליין איז אַרעסטירט געוואָרן...

...מ׳ווייסט נישט פונוואַנען און ווי-אַזוי ס׳האָט זיך צו מאָרגנס איבערן שטאָט און אין דער גאַנצער סביבה אַרום בליץ-שנעל פאַרשפּרייט די ידיעה, אַז יאַקוב אַנאַטאָליעוויטש איז אַרעסטירט. פון האַלבן-טאָג האָבן זיך פון אַלע קאַנטן אין דער ריכטונג צום צענטער פון שטאָט גענומען ציען גרויסע מענגעס פויערים און פויערטעס צופוס און אין וועגנס, וועלכע האָבן זיך אַלע צעשפּרייט אויפן גרויסן פּלאַץ ביי דער ראַטושע („קאַלאַנטשאַ״) קעגנאיבער דעם גובערנאַטאָר-פּאַלאַץ און האָבן געוואַרט...

דערזעענדיק די גרויסע מאַסן פויערים, וועלכע ציען זיך אין שטאָט אין אַ אומגעווענלעכער צייט, נישט אין אַ מאַרק-טאָג, איז אויף דער יידישער באַפעלקערונג באַפאַלן אַן אימה— מ׳האָט שנעל פאַרמאַכט אַלע געשעפטן, פאַרקלאַפּט די טירן און טויערן, און אַלע יידישע גאַסן זענען ווי אויסגעשטאָרבן...

די שרעק איז אָבער געווען גאַנץ אומזיסט. אין דער אמתן איז אויפן גובערנאַטאָר-פּלאַץ דאַן פאָרגעקומען אָט וואָס:

די אויפגעזאַמלטע פויערים האָבן אַוועקגעשיקט פון זיך אַ דעפּוטאַציע צום דאַמאָלסטיקן גובערנאַטאָר מיט דער בקשה, ער זאָל אַרויס צו זיי; דער גובערנאַטאָר האָט זייער בקשה דערפילט און איז אַרויס אין דער באַגלייטונג פון פּאָליציי-

מייסטער צום המון. ווי נאָר דער גובערנאַטאָר האָט זיך באַוויזן, איז די גאַנצע מענגע פויערים און פויערטעס, וועלכע האָבן אָנגעפילט דעם פּלאַץ, געפאַלן צו זיינע פיס, און דער גאַנצער פּלאַץ איז פאַרהילכט געוואָרן פון אַ טויזנטמויליקן געשריי:

—גיב אונדז אָפּ אונדזער פאָטער יאַקוב אַנאַטאָליעוויטשן!..

דער גובערנאַטאָר איז גערירט געוואָרן פון דעם המונס געבעט און האָט תיכּף באַפוילן צו באַפרייען יאַקוב אַנאַטאָליעוויטשן.

און אין שטאָט מ. איז דאַן אָנשטאָט אַ טרויער אַן אמתער פריילעכער יום-טוב געווען.

# אַ גענעראַל — אַ בעל־תשובה

ער האָט געשטאַמט פון די קאָנטאָניסטן — אַזוי האָט מען דערציילט אין דער שטאָט מ. וואו ער איז אַראָפּגעקומען שוין אַלס אויסגעדינטער גענעראַל, האָט אָפּגעקויפט אין אַ ווייט־אָפּגעלייגטער גאַס, בשכנות מיטן יידישן קוואַרטל, עפּעס אַן אַלט פּריציש הויז מיט אַ גרויסן פּרוכט־גאָרטן, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ פאַרכשופטער שלאָס, אַרומגערינגלט מיט הויכע שטאָלצע טאָפּאָלן, און האָט זיך דאָ, אין דעם הויז, באַזעצט צוזאַמען מיט אַ באַיאָרנטער פרוי. קיינער האָט נישט געוואוסט, ווער זי איז אַזוינס — אַ ווייב, אָדער אַן עקאָנאָמקע, אָדער ביידע צוזאַמען. דערצו נאָך האָט ער מיט זיך געבראַכט אַ לאָקיי, וועלכער האָט אין שטאָט געמאַכט אַ גרויסע סענסאַציע דורך זיין אַלט־מאָדישער קליידונג, און אַחוץ דעם — אַ גרויסן געלן הונט, מיט וועלכן דער גענעראַל פלעגט זיך כמעט קיינמאָל נישט שיידן.

אין שטאָט האָט מען דערציילט וואונדערלעכע לעגענדעס וועגן דעם גענעראַלס שטוב, וועגן זיין גרויס עשירות און אויך וועגן זיין גרויסער תקיפות אין די „הויכע פענסטער" — שיר נישט אַ קרוב למלכות.

דער מקור פון אַלע מעשיות וועגן רעטזלהאַפטן גענעראַל איז געווען ר׳ געצל דער טענטלער, וואָס איז געווען אַ שטענ-דיקער בן-בית ביים גענעראַל אין שטוב. פונם ערשטן טאָג אָן איז ר׳ געצל אַזוי צוגעבונדן געוואָרן מיטן גענעראַל, אַז ער האָט פאַר אים געליפערט פון כל-טוב — פון אַ פּאָר שלייקעס, שטעק-שיך ביז אַן אונטער-העמד; אפילו אַ בוך, וואָס דער גענעראַל האָט נויטיק געהאַט, האָט עס אים אויך ר׳ געצל באַזאָרגט. אין דער שטיל האָט מען אפילו אונטערגעשמועסט, אַז דער גענעראַל לערנט זיך אויף דער עלטער העברעאיש און אַז דער רבי זיינער איז טאַקע ר׳ געצל אַליין.

ר׳ געצל ווידער האָט צום גענעראַל נישט צוגעלייגט, און זינט ער האָט אים דערקענט, איז ביי אים אין שטוב אַ פולע שפע געוואָרן.

אַדאַנק דעם גענעראַל איז ר׳ געצל גאָר אינגיכן אַ גרויסער תקיף ביי קהל געוואָרן און האָט געקריגן אַ שם אין שטאָט אַלס שתדלן און בעל-צדקה. האָט מען באַדאַרפט עפּעס אַ טובה פון „נאַטשאַלסטווע“ אָדער אַזוי אַ גזירה אָפּרופן קעגן יידן, איז מען געלאָפן צו ר׳ געצלען, און ער האָט שוין אַלץ געפועלט ביים גענעראַל. און דער גענעראַל איז טאַקע געווען אַ כל-יכול: דעם גענעראַלס אַ וואָרט איז געווען קודש-קדשים און פאַר זיינס אַ קוויטל האָבן זיך אומעטום געעפנט די טירן, אפילו די שווערע טירן פון דער צאַרישער תפיסה — אַזאַ מאַכט האָט דער גענעראַל געהאַט.

אַחוץ אַלעמען האָט דער גענעראַל געשמט אין שטאָט פאַר אַ גרויסן בעל-צדקה. ער האָט נישט געמאַכט קיין אונ-טערשיד צווישן קריסטן און יידן און האָט געטיילט אַלעמען מיט דער אָפענער האַנט. פון זיין שטוב איז אויך אַרויסגע-גאַנגען צמד מתן-בסתר, — דערהויפּט פאַר יידישע אַנשטאַלטן.

אזוי, למשל, בשעת דער גענעראל האָט אמאָל אין א פּראָסטיקן ווינטער-טאָג באַגעגנט א גרופּע תּלמוד-תּורה-ייִנגלעך, וועלכע האָבן זיך אומגעקערט פון א לויה באָרוועסע און נאַקעטע, האָט ער דעמזעלבן טאָג געלאָזט רופן צו זיך ר׳ געצלען און געהייסן אים תּיכּף באַשטעלן פאַר אַלע תּלמוד-תּורה-קינדער ווינטערדיקע מאַנטעלעך מיט שטיוול, און דעם חשבון צושטעלן אים; דערביי האָט דער גענעראַל אויסגענומען איין תּנאי — אַז קיינער טאָר דערפון נישט וויסן...

אין שטאָט האָט מען געהאַלטן אין איין הויבן מיט די פּלייצעס: וואָס איז דאָס פאַר אַ גענעראַל? און מ׳וואָלט זיך אפשר קיינמאָל נישט דערוואוסט דעם סוד פונם גענעראַל, ווען נישט אָט די מעשה.

ס׳איז געווען בשעת ס׳האָט אָפּגעברענט דער אַלטער הילצערנער בית-המדרש פון „חברה תּהילים", וואָס האָט זיך געפונען אין צענטער פון אָרעמען יידישן קוואַרטל קעגנאיבער דעם גענעראַלס פּאַלאַץ. דער גענעראַל האָט אויף מאָרגן נאָך דער שרפה געלאָזט רופן צו זיך ר׳ געצלען מיטן רב, און אָפּציילנדיק זיי אין האַנט אַריין 10 טויזנט רובל גאָלד, האָט ער פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל אויף דעם אָרט אָפּבויען דווקא אַ געמויערטן בית-המדרש; דערביי האָט ער אַליין אויסגעאַר־בעט דעם פּלאַן מיט אַלע דעטאַלן און אַרכיטעקטור-פאַרפּוצונ־גען, און האָט עס איבערגעגעבן אַלץ דעמזעלבן ר׳ געצלען, וועלכער האָט זיך שוין אַרום דעם בנין מתעסק געווען. די גאַנצע צייט, וואָס דער בנין איז צוגעגאַנגען, האָט דער גע־נעראַל אַרויסגעוויזן די גרעסטע אומגעדולדיקייט, געאיילט און געיאָגט מיט דער אַרבעט, אַליין אינטערעסירט זיך מיט יעדער קלייניקייט און האָט געשאָטן מיט געלט אויף רעכטס און אויף לינקס. קיין זאַך פלעגט נישט געטאָן ווערן אָן זיין וויסן, אָבער

אליין האָט ער זיך קיינמאָל נישט באַוויזן בײַ דער נייער געבײַדע. בלויז אין באַשטימטע שעהן פלעגט מען אים קענען זען אַרויסקוקנדיק פון אַ פענסטער פון זיין אויבערשטן שטאָק, פון וואַנען ער פלעגט קענען באָבאַכטן, ווי־אַזוי ס׳וואַקסט פון שעה צו שעה דער באַליבטער בנין און הויבט זיך ביסלעכווייז צריבער דעם שפּיץ פון זיין דאַך...

ווען דער גרויסאַרטיקער בנין פון נייעם בית־המדרש איז מיט מזל פאַרטיק געוואָרן, האָט דער גענעראַל אויף זיין חשבון געהייסן באַשטעלן אַן ארון־קודש לויט אַ מוסטער, וועלכן ער האָט אליין אויסגעשריבן פון פּראָג, איינגעלאַדן די בעסטע מאַלערס אויסצומאָלן די ווענט און דעם סופיט, און אויך געלאָזט איינריכטן עלעקטרישע באַלייכטונג, וואָס איז דאַמאָלס נאָך געווען אַ יקר־המציאות אין שטאָט.

...צום חנוכת־הבית פון נייעם בית־מדרש „תהילים” איז מען פון גאַנץ שטאָט, אָרעם און רייך, געלאָפן אָנקוקן דעם וואונדערלעך־שיינעם בנין, וואָס האָט צו זיך קיין גלייכן נישט געהאַט אין גאַנץ שטאָט לויט זיין מאַיעסטעטישער הערלעכקייט און פּרעכטיקער אַרכיטעקטור.

דער בעל־שמחה אליין, דער גענעראַל, איז צו דעם פייערלעכן חנוכת־הבית נישט געקומען.

די יידישע באַפעלקערונג פון דער שטאָט וו. האָט זיך געפילט זייער פאַרוואונדערט און געקלערט דערפון, וואָס דער גענעראַל האָט נישט באַוויליקט צו קומען צום חנוכת־הבית פון דער שול. מ׳האָט אפילו געשמועסט, אַז די מעשה מיט דער שול איז באַקאַנט געוואָרן אין די „הויכע פענסטער”, פון וואַנען מ׳זאָל אים האָבן מרמז געווען, אַז ס׳איז נישט־פּאַסיק פאַר זיין הויכן ראַנג צו־פיל אָפּצוגעבן זיך מיט „זשידאָווסקע” ענינים, אַז דאָס רעגט כלומרשט אויף די געמיטער פונם קריסט־

לעכן המון קעגן „זשידאָווסקן באַטקאַ“ א. אַז. וו. דער עולם האָט געזונקען אין השערות. אפשר האָט עפּעס געוואוסט פונעם גאַנצן סוד ר׳ געצל, אָבער ער האָט זיך געמאַכט נישט־ווויסנדיק. אויף אַלע שאלות האָט ער געענטפערט מיט אַ האַלב מויל...

נישט לאַנג אָבער האָט געדויערט, און דער סוד איז נתגלה געוואָרן.

יום־כּפּור פאַר „כּל־נדרי“. דער בית־המדרש „תּהילים“ האָט זיך געטונקט אין אַ ים פלאַמען, וואָס האָבן אַרויסגעשיינט פון אַלע פענסטער און פון גלעזערנעם האַלב־קיילעכדיקן דאַך, באַלייכטנדיק אַלע דערבייאיקע גאַסן. דער בית־המדרש איז געפּאַקט פון טויזנטער מתפּללים, מאַנסבילן און פרויען — אַלע דורכגעדרונגען מיט דער שטימונג פונעם יום־כּפּורדיקן „כּל־נדרי“.

דער עולם, אין שניי־ווייסע קיטלען און זאָקן, האָט אָקאָרשט געענדיקט די „תּפילה זכּה“; דער חזן מיט די משוררים מיט די ספרי־תּורות אין די הענט שטייען אויסגעשטעלט בײַם עמוד, גרייט אָנצוהייבן „כּל־נדרי“, — ווי איבער דער גאַנצער שול האָט זיך בליץ־שנעל דורכגעטראָגן אַ קול־מבשר: „דער גענעראַל גייט!“ דער גוואַלדיקער עולם מתפּללים האָט זיך געשווינט פאַנאַנדערגעשאָטן און געמאַכט אַ וועג פאַרן גענעראַל. ר׳ געצל אַליין האָט זיך, ווי אַ וויכער, אָפּגעריסן פון מזרח־וואַנט בײַם אָרון־קודש און האָט זיך אַ לאָז געטאָן מקבל־פּנים זײַן דעם הויכן גאַסט, אָנווייזנדיק אים אויף אַ פּלאַץ אויבן־אָן נעבן רב. דער גענעראַל, וועלכער האָט איצט אויסגעזען זייער אַלט און צעבראָכן, מיט אַ בלאַס־קרענקלעך געזיכט און מיט ברענענדיקע אויגן, האָט זיך דערנענטערט צום רבס „שטאָט“, און אויסציענדיק זיך אין זײַן גאַנצן מאַיעס־

טעטישן וואוקס „וואַ-פּראַנט״, האָט ער עפּעס שטיל איינגערוימט דעם רב, פון וואָס דער לעצטער איז פּלוצלונג שרעקלעך בלאַס געוואָרן און האָט אַרויסגעלאָזט דעם מחזור פון האַנט... די גאַנצע עדה יידן איז פאַרגליווערט געוואָרן פאַר שרעק. ענדלעך איז דער אַלטער רב אַרויף אויפן בימה און ביי אַ טויט-שטילקייט פון דער גאַנצער טויזנט-קעפּיקער עדה, האָט ער אָנגעהויבן בזה הלשון:

— „רבותי, איידער מיר הויבן היינט אָן „כל-נדרי״, בין איך געצוואונגען מגלה-סוד-זיין פאַר דער גאַנצער עדה, אַז דער גענעראַל, וואָס געפינט זיך דאָ צווישן אונדז, איז נישט קיין אַנדערער, ווי ר׳ זכריה בן-יצחק, אַן איינינקל פונם גרויסן צדיק און עסקן בצרכי-צבור ר׳ משהלע דעם ראש-הקהל, זצ״ל. אַלס קליין קינד איז ער אָפּגעריסן געוואָרן פון זיין אייגן היים און פון זיין פאָלק און איז פאַרוואָרפן געוואָרן אין „טיף-ראַסיי״, וואו ער האָט, נאָך פיל גלגולים און עינוים קשים, דערגרייכט צו זיין איצטיקער הויכער מדרגה. מיט דער היקף פון הקב״ה איז ער בייגעשטאַנען אַלע שווערע נסיונות און איז פאַרבליבן געטריי צו דער אמונה פון זיינע אָבות. זיין הויכער אַמט האָט אים נישט דערלויבט ביזאַהער מגלה-צו-זיין זיין אָפּשטאַמונג, און ער האָט געמיט זיך צו דינען זיין פאָלק בסתר. זיין כשר יידיש האַרץ האָט אָבער ווייטער נישט געקענט אויסהאַלטן און נאָך אַ לאַנגן און שווערן קאַמף, ערב דעם גרויסן יום-הדין, האָט ער ענדלעך באַשלאָסן מקריב צו זיין מיט זיין הויכן אַמט און איז געקומען מחילה בעטן דערפאַר ביי דער עדה... אין זכות פון זיינע גרויסע מעשים טובים און אין זכות פון דער הייליקער עדה, וואָס שטייט דאָ, זאָל אים הקב״ה מוחל זיין !..״

דער גאַנצער עולם האָט ביי די לעצטע ווערטער זיך צעכליפּעט הויך אויפן קול...

... אין בית-המדרש „תהילים" האָט מען דאַן מיטן „כל-נדרי" פּאַרשפּעטיקט אויף אַ גאַנצער שעה. דערפאַר אָבער האָט דער עולם נאָך קיינמאָל אַזוי געשמאַק נישט געדאַוונט, ווי דאַסמאָל...

# דער פאַרשטעלטער גלח

## I

דאָס איז געווען איינמאָל אַ פאַרנאַכט, בעת כ׳האָב זיך צוריקגעקערט, מיט נאָך עטלעכע חברים, פון חדר, גייענדיק צוזאַמען אַהיים דורכן אַלטן מאַרק מיט אונזערע ספרים אונטער די אָרעמס. פאַרבייגייענדיק פאַרביי סאָלטאַנס געסעלע, איז אונדז פּלוצלונג אַנטקעגנגעקומען עפּעס אַ הויכער גלח אין אַ לאַנגער זיידענער „ריאַסע" מיט לאַנגע צעשויבערטע האָר, וואָס זענען אים אַראָפּגעהאָנגען איבער די אַקסלען, און נאָך אים אַ כאָפּטע קינדער — באָרוועסע, האַלב-נאַקעטע, פון פאַרשידענעם עלטער, יידישע און קריסטלעכע, וועלכע האָבן מיט גרויס געפילדער אַרומגערינגלט דעם גלח און מיט לוסטיקע קולות געשטרעקט צו אים זייערע דאַרע קינדערשע הענטעלעך.

דער גלח האָט עפּעס, ווי פאַרשוולדיקט, געשמייכלט צו אַלע אַרומיקע, צאַרט געגלעט די קינדערשע קעפּלעך און האָט עפּעס אַזוי ליבלעך גערעדט צו זיי אויף אַן אומפאַרשטענדלעכן לשון... די קינדער האָבן זיך אָבער אַלץ נישט געלאָזט איינגעמען, האָבן זיך געפּלאָנטערט צווישן די פיס, אָנגעכאַפּט אים

יעדע ווײלע פֿאַר זײַן ברײטער „ריאַסע" און אַרומרינגלענדיק אים, ווי מיט אַ ראָד, נישט געלאָזט אַ שריט מאַכן. דער געפֿאַנגענער גלח האָט דאַן אַרײַנגעלאָזט די האַנט אונטער דער „ריאַסע" און, אַרויסנעמענדיק אַ הויפֿן נײַאינקע קופּער־מטבעות — ניכּר ערשט פֿון קאַזנאַטשײסטווע, מיט דער דאַטע פֿון לױפֿנדיקן יאָר — האָט ער עס אַ וואָרף געטאָן אינדערלופֿטן. די קינדער האָבן זיך צעשאָטן מיט פֿרײלעכע געשרײען, אומוואַרפֿנדיק אײנער דעם צווײטן, און זיך געלאָזט ראַפּטום אויפֿקלײבן די נײַאינקע מטבעות.

מײַנע חברים האָבן נישט געקענט בײַשטײן דעם גרויסן נסיון און האָבן זיך אויך געוואָרפֿן אין דעם קינדער־געמיש, און אין אַ ווײַלע אַרום זענען זײ געקומען צוריק, ווי טריומ־פֿאַטאָרן, יעדער מיט עטלעכע מטבעות, וועלכע האָבן געבליש־טשעט, ווי אמתע גאָלד־שטיק... דערפֿאַר אָבער זענען געווען צווישן די קינדער אויך אַזוינע שלימזלים, וועלכע האָבן קײן אײנציקע מטבע אַפֿילו נישט געכאַפּט, און ס׳איז פּשוט אַ ביטערער רחמנות געווען אויף זײ צו קוקן... דער גלח האָט, ניכּר, אויך רחמנות געקראָגן אויף אָט די שלימזלים און האָט זײ צוגעוואָרפֿן אַ נײַעם הויפֿן נײַאינקע מטבעות... די געשיכטע האָט זיך אַזוי עטלעכע מאָל איבערגעחזרט, ביז וואַנען אַלע קינדער האָבן געהאַלטן אין זײַערע הענטעלעך בלישטשענדיקע מטבעות.

פֿאַר מיר איז דאָס בילד געווען אינגאַנצן אומגעווײנלעך; כ׳בין די גאַנצע צײַט געשטאַנען, ווי פֿאַרגאַפֿט, און האָב נישט געקענט מיט קײן אבר רירן. ערשט בשעת ס׳זענען צו מיר צוגעגאַנגען מײַנע חברים, באַרימענדיק זיך יעדער מיט זײַן אוצר, וואָס ער האָט אָקאָרשט געכאַפּט, האָט זיך צו מיר אומ־געקערט דאָס לשון און כ׳האָב געפּרוּווט זײ אַ ביסל מוסר זאָגן;

— גאָט וועט שטראָפן... ס׳איז דאָך אַ גרויסע עבירה צו־
נעמען געלט ביי אַ גלח!..

די חברים האָבן לכתחילה עפעס מאָדנע מיך אָנגעקוקט, אָבער באַלד האָבן זיי אין איין קול אויסגעשריען: — נאַרעלע איינער, ס׳איז דאָך „אליהו-הנביא״, ער האָט זיך נאָר פאַר־שטעלט פאַר אַ גלח...

די לעצטע ווערטער האָבן מיך גאָר אינגאַנצן איבער־ראַשט, און איך בין אַ ווײַלע געבליבן, ווי צוגעשמידט צום אָרט. קומענדיק אַ ביסל צו זיך, האָב איך מיט גרויס קנאה געקוקט אויף די גליקלעכע חברים מײַנע, וועלכע האָבן זיך אַזעלכע צופרידענע געשפּילט מיט די שײַנע „גאָלדענע״ מטבעות.

קומענדיק אַהיים, האָב איך זיך דעם גאַנצן אָוונט קיין אָרט נישט געקענט געפינען: ס׳האָט מיך פאַרפאָלגט דער גע־דאַנק וועגן דעם וואונדער, וואָס כ׳האָב אָקאָרשט געזען, און ס׳האָט זיך מיר שטאַרק געגלוסט מיט עמעצן צו טיילן זיך וועגן דעם. צוערשט האָב איך זיך געווענדעט מיט דער בשורה צו דער מאַמען:

— מאַמע, דו ווייסט? כ׳האָב איצט געזען אליהו-הנביא...—

האָב איך געזאָגט און בשעת-מעשה גוט אײַנגעקוקט זיך אין אירע אויגן, כּדי צו זען וואָס פאַר אַן אײַנדרוק דאָס וועט אויף איר מאַכן. די מאַמע האָט מיר אָבער גאָרנישט געענט־פערט, פּונקט ווי ס׳וואָלט פאַר איר קיין שום חידוש נישט געווען. דאָסזעלבע האָט אויך דער טאַטע גאַנץ גלײַכגילטיק אויפגענומען מײַן נײַעס און האָט מיר שטרענג געהייסן אָפּ־עסן און גיין באַלד שלאָפן.

ליגנדיק אין בעט, האָב איך לאַנג נישט געקענט אײַנ־שלאָפן. ערשט שפּעט בײַנאַכט בין איך אײַנגעשלאָפן, און מיר האָט זיך אַ גאַנצע נאַכט געחלומט דער גלח, די נײַע בליש־

טשענדיקע מטבעות און אליהו-הנביא, וועלכער האָט זיך פאַרש-
שטעלט פאַר אַ גלח...

*
*

... פיל יאָרן נאָכדעם האָט מיך אַרץ נישט געלאָזט רוען
דער געדאַנק וועגן אליהו-הנביא, וועלכער האָט זיך פאַרשטעלט
פאַר אַ גלח און האָט געוואָרפן די קינדער אַזעלכע שיינע
גאָלדענע מטבעות... ערשט ווען איך בין געוואָרן עלטער, בין
איך געוואויר געוואָרן דעם געהיימניספולן סוד דערפון.

## II

דער פאַרשטעלטער גלח אָדער „אליהו הנביא", — ווי
מ'האָט אים צווישן די איינוואוינער גערופן, — האָט געוואוינט
אין סאָלטאַנס געסעלע — אַ שמאָלער טיפער „רוו", וואָס איז
געלעגן צווישן צוויי הויכע בערג, געדיכט באַוואַקסענע מיט
אַקאַציע און טאָפּאָל-בוימער.

אַ זייטיקער מענטש האָט פון דעם שרעקלעכן „רוו"
געוויכט.

איבערהויפּט האָט דער „רוו" געוואָרפן אויף אַלעמען אַ
שרעק ביינאַכט — ווייל מ'האָט געשמועסט, אַז דאָרט פירן זיך

„נישט-גוטע“ און אַז מ'קען דאָרט זען אום האַלבע נאַכט, ווי ס'הוידען זיך „רוסאַלקעס“ אויף די ביימער...

געוואוינט האָבן אין דעם „רו“ דויטער „קולאזשניקעס“ — אַזוי האָט מען גערופן די דאָרטיקע גוים, וועלכע פלעגן זומער-צייט זיך באַשעפטיקן מיט פיש-פאַנגעריי און ווינטער — מיט שוסטעריי. שוסטעריי איז אויך געווען די הויפט-באַשעפטיקונג פון די דאָרטיקע יידן — אַלע גבורים, געוועזענע „ניקאָלאַיעווסקע“. אייניקע פון זיי האָבן נאָך אַפילו געטראָגן זייערע ניקאָלאַיעווסקע מונדירן און פלעגן אויף יעדן שבת אָדער אַזוי אַ יום-טוב אויספוצן זיך אין זייערע מעדאַלן און לענטעס, וואָס זיי האָבן אַלס אויסצייכנונג באַקומען אין דער קרימער אָדער טערקישער קאַמפּאַניע...

מיט די „קולאַזשניקעס“ האָבן די דאָרטיקע יידן געלעבט בשלום: צוזאַמען געאַרבעט, צוזאַמען אַ כוס'ע געמאַכט און צוזאַמען אויף שמחות איינע ביי די אַנדערע געהוליעט. דערזעלבער שלום-בית האָט מכּל-ימיו געהערשט אין „רו“ אויך צווישן דעם יונגן דור — האָבן טאַקע דאָ די קליינע משהלעך און איציקלעך אַ גאַנצן טאָג געשפּילט זיך מיט די וואַנקעלעך און סטיאָפּקעלעך — צוזאַמען אויף די בערג, צווישן די ווילדפּאַרוואַקסענע ביימער אַרומגעלאָפן און צוזאַמען טויבן געהאָדעוועט...

ביים סאַמע עק פון „רו“ איז געשטאַנען אַ קליין איינשטאָקיק הויז, וואָס האָט זיך צווישן אַלע אַרומיקע קליינע הייזלעך אויסגעצייכנט מיט זיין פיינער אַרכיטעקטור, מיטן פיינעם „גאַניק“, רויט-געפאַרבטע פענסטער און לאָדנס, גלאַטגעשעלעוועטע ווענט און מיטן בלומען גערטנדל („פּאַליסאַדניק“), וואָס האָט זיך געפונען אַרום הויז. דאָ האָט געוואוינט דער גלח

צוזאַמען מיט זײַנער אַ שוועסטער — אַ האָרבוקע, וועלכע האָט געפירט דעם גלחס ווירטשאַפט.

דער גלח איז געווען זייער באַליבט צווישן אַלע איינ־וואוינער פונם „רו" — סיי בײַ יידן, סיי בײַ קריסטן צו אים פלעגן זיי אָפט קומען נאָך אַן עצה און נאָך הילף אין אַן עת־צרה, און ער האָט קיינעם נישט אָפּגעלאָזט מיט ליידיקן: יעדערן אויסגעהערט, פאַר יעדערן אַ גוט־וואָרט געהאַט און יעדערן זיין ביטער האַרץ געלינדערט. פלעגט זיך טרעפן אין „רו" עפעס אַ פאַמיליען־סכסוך אָדער אַן אומגליק, אָדער אַ געשלעג, פלעגט מען תיכף לויפן צום גלח, און ער פלעגט זיך תמיד אַריינמישן און מאַכן אַ שלום־בית, און ס'פלעגט אים כמעט אַלע מאָל געלינגען, וואָרום גרויס איז געווען דער אויטאָריטעט פונם גלח אין „רו" סיי צווישן קריסטן און סיי צווישן יידן.

אקעגנאיבער דעם גלחס הויז אין אַ נידעריק, האַלב־איינ־געפאַלן הייזל האָט געוואוינט מיט איר פאַמיליע די „קורצע מאַמע" — אַזוי האָט מען זי גערופן פאַר איר אויסטערלישן קאַרליק־וואוקס, וואָס האָט איר אָבער נישט געשטערט צו קינדלען יעדעס יאָר אַ נייעם „יונגאַטש" — ביז זי האָט איר מאַן, יונה דעם מוליער, אָנגעקינדלט, אָן עין־הרע, אַ גאַנצן טוץ בנים— לויטער יונגאַטשעס און דוקא נישט קיין קאַרליקעס, נאָר יונגען איינע אין איינע, אַזוי אַז דער ייִנגסטער פון זיי האָט באַלד אַריבערגעוואַקסן מיט אַ פאָר קעפּ זיין „קורצע מאַמע".

ס'האָט אָבער פּאַסירט אַמאָל — ס'איז אַרום פורים געווען— און דער „קורצער מאַמען" איז געשען אַ גרויס אומגליק: איר מאַן, יונה דער מוליער, האָט געאַרבעט דאַן אין מאַנאַסטיר ביים שטוקאַטורעווען די ווענט, און קלעטערנדיק אויפן לייטער, האָט ער זיך, מעשה־שטן, אויסגעגליטשט אויף ייי פון 4־טן

שטאָק אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד, צעבראָכנדיק זיך רוקן און לענדן... יונה דעם מוליער האָט מען אין אַ מסוכנדיקן מצב אָפּגעפירט אין יידישן שפּיטאָל, וואו ער איז געלעגן אַ פּאָר חדשים קראַנק. די „קורצע מאַמע" איז געבליבן מיט אירע 12 „צופּעלעך", ווי אויפן וואַסער...

און דאָ איז פּונקט אַריינגעפאַלן דער פּסח, און אין שטוב איז נישטאָ אפילו מיט וואָס אַ האַרץ צו דערקוויקן.

די „קורצע מאַמע" האָט זיך געשטעלט אַרבעטן אין אַ מצה-פּאָדריאַד פאַר אַ ווערגלערין און אַוועקגעוואָרפן אירע צוועלף צופּעלעך אויף גאָטס באַראָט... צום גליק האָט זיך אויף זיי דערבאַרעמט דעם גלחס שוועסטער, די „האָרבולקע", זי האָט נישט געקענט צוזען דעם צער פון די הונגעריקע קינדער און האָט גאַנצע צוויי וואָכן נאָכאַנאַנד, וואָס די מאַמע איז געשטאַנען אין „מצה-פּאָדריאַד", געטראָגן פאַר זיי עסן, געהייצט דעם אויוון, געקאָכט און געוואַשן און אָפּגעהיט זיי נישט ערגער, ווי אַן אייגענע מאַמע.

אַ טאָג פאַר פּסח האָט זיך די „קורצע מאַמע" ענדלעך צוריקגעקערט פון „פּאָדריאַד", איינגאַנצן אַ קראַנקע, אַ צעפאַלקעוועטע און האָט מיט קיין איין אבר נישט געקענט רירן... דערפאַר האָט זי פאַר די צוויי וואָכן „קאָטאָרזשנע" אַרבעט אין „פּאָדריאַד" איינגעשפּאַרט זיך אַ פּאָר פונט מצה, אַ זעקל בוריקעס מיט קאַרטאָפל, וואָס זי האָט טאַקע אַליין געבראַכט צושלעפּן אויף זיך אין שטוב אַריין, און אויסשלאָגנדיק זיך פון די לעצטע כחות, קוים האַלטנדיק זיך אויף די פיס, האָט זי אַ קראַנקע, אַ צעבראָכענע, תיכף אַריינגעוואָרפן זיך אין בעט אַריין...

אַ גאַנצן מעת-לעת ביזן רעכטן „סדר" איז די „קורצע מאַמע" געלעגן אָן לשון און האָט נישט געקענט ענטפערן

אפילו אויף די פראַגן פון דער „האָרבולקע”, וואָס איז עטלעכע מאָל אַריינגעלאָפן געוואָר ווערן, וואָס זי מאַכט.

ווען אינדרויסן איז שוין גוט פינסטערלעך געוואָרן און די עלטערע יינגלעך, וואָס האָבן זיך געלערנט שוין אין תּלמוד-תּורה, זענען צוריקגעקומען פון בית-המדרש פון יום-טובדיקן „מעריב”, האָט די „קורצע מאַמע” זיך אָנגעטאָן אַ כּח און האָט זיך אַראָפּגעשלעפּט אַ קראַנקע פון בעט... זי האָט פון ערגעץ אויסגעגראָבן אירע מעשענע לייכטער, האָט פאַרשפּרייט אַ ווייס טישטוך איבערן טיש, אָנגעצונדן ליכט און, כּלי־פּנדיק, גענומען ליכט בענטשן, פאַרדעקנדיק דאָס פּנים מיט די הענט, כּדי די קינדער זאָלן חלילה נישט זען אירע טרערן...

די יינגלעך, וואָס זענען ביז-אַהער אומעטיקע געלעגן פאַרשטעקט אין די לעכער, האָבן, דערזעענדיק די ברענענדיקע ליכט מיט די מצות אויפן טיש, לעבעדיק אַרומגעזעצט זיך אַרום טיש, די עלטערע יינגלעך האָבן תּיכּף פון ערגעץ אַרויסגענומען דעם צעפליקטן „קרבן-מנחה” און מיט הרחבה זיך געגרייט צו זאָגן די הגדה.

די „קורצע מאַמע” האָט דאַן פון אַ קליינעם עלמערל אַרויסגענומען עטלעכע בלאָע כּוסות און אָנגעגאָסן זיי מיט רויטן ראָסל אָנשטאָט ווײַן...

דער עלטערער זון האָט שוין גענומען זאָגן פון סידור אויף אַ קול דעם יום-טובדיקן קידוש — אָבער אין דעם אויגנ־בליק האָט זיך די טיר אַ פּראַל-אויף-געטאָן און אויפן שוועל האָט זיך באַוויזן דער גלח אין אַ שניי-ווייסער זיידענער „ריאַסע”, אַרומגעגאַרטלט, ווי אַ קיטל. אָפּגעבנדיק אַ ברייטן „גוט יום-טוב”, האָט דער גלח פון אונטער זיין „ריאַסע” אַרויסגעצויגן אַ גרויסע פלאַש עכטן ראָזינקעס-ווײַן און אָנגיסנדיק צוערשט דעם גרויסן אליהו הנביאס כּוס, וואָס איז אַ פּאַריתומטער

געשטאַנען אויפן טיש, האָט ער אָנגעהויבן אויפן קול און מיטן באַקאַנטן סקאַרבאָוון ניגון קידוש מאַכן...

די קינדער האָבן זייער גוט געקענט זייער שכן — דעם גלח און האָבן שטאַרק זיך דערפרייט מיטן אומגעריכטן גאַסט. ארומרינגלענדיק אים פעסט, ווי אין אַ קרייז, האָבן זיי מיט זייערע פריילעכע, לעבעדיקע קולכעלעך נאָכגעזאָגט נאָכן גלח דעם מתיקותדיקן יום־טובדיקן ניגון, וואָס האָט זיך, ווי אַ זמרל, צעגאָסן איבער דעם נידעריקן צימערל...



די „קורצע מאַמע" האָט נישט געדענקט וואָס ווייטער איז געווען. דאָס געשעענע האָט אויף איר אַזוי שטאַרק געווירקט, אַז ס'האָט איר אויסגעזען אַלץ, ווי אין אַ חלום...

ווען זי האָט זיך אויפגעכאַפּט אויף מאָרגן גאַנץ פרי, האָט זי געפונען די קינדער שלאָפנדיק אין זייער אָנטאָן ארום טיש, פאַרשיכורטע פונם שטאַרקן פסחדיקן ווייַן...

די „קורצע מאַמע" האָט שפּעטער אַלעמען פאַרטרויט וועגן דערדאָזיקער וואונדערלעכער סדר־נאַכט און האָט דערביי מיט כל השבועות פאַרזיכערט, אַז בעת אליהו־הנביא האָט זיך באַוויזן אויפן שוועל, זענען אים פאָרויסגעגאַנגען אַזעלכע שטראַלן, פון וועלכע ס'איז ליכטיק געוואָרן אין דער גאַנצער שטוב...

די שכנים פון „רו" האָבן אויך באַשטעטיקט, אַז ארויס־גייענדיק נאָכן ערשטן „סדר" פון שטוב, האָבן זיי דורכן פענס־

טער ביי דער „קורצער מאַמען״ אין שטוב מיט זייערע אייגענע אויגן געזען עפּעס אַ שיינעם זקן אין אַ ווייסן קיטל און מיט אַזאַ ליכטיקער געשטאַלט, אַז ס׳איז אין זיין פּנים נישט געווען איינצוקוקן זיך...

...זייט יענער סדר-נאַכט האָט מען דעם גלח פונם „רו״ אַ צונאָמעניש געגעבן: „אליהו הנביא״ — און אַלע, סיי יידן, סיי קריסטן, האָבן פאַר אים גרויס דרך-ארץ געהאַט...

# די שניאורסאָן־דינאַסטיע נומר 2

אָדער

# מלך פּיפּקע

## I

ס'איז נישט גוט געבוירן צו ווערן אַן אָרימאַן, אָבער דאָפּלט ביטער איז, אַז מ'ווערט געבוירן ר״ל מיט אַ נאָמען, וועלכער פּאַסט זיך צו דיר, ווי צו אַ חזיר אַ שטריימל...

אַ נאָמען איז געגליכן צו אַ בגד — קויט אים באַגעגנט מען אומעטום און מ'טיילט־צו כבוד אָדער, פאַרקערט, אומכבוד... די גרעסטע צרות קומען אָפּטמאָל צוליב אַ נאָמען, בפרט, אַז דער נאָמען איז שלעכט אָנגעמאָסטן און באַמבלט זיך, ווי אַ שלעכט אויפגענייטער בגד...

אָט מיט אַזאַ שלעכט־צוגעפּאַסטן נאָמען האָט דער אויבערשטער געבענטשט דעם וואַסער־טרעגער מלך פּיפּקע. זיין אמתער פאַמיליע־נאָמען איז גאָר געווען שניאורסאָן, און „פּיפּקע״ האָט מען אים אַ צונעמעניש געגעבן, ווייל ער פלעגט שטענדיק האַלטן אין מויל אַ ליולקע מיט מאַכאָרקע און פּיפּקצווען.

ווי־אַזוי קימט צו מלך פּיפּקע אַזאַ יחסנישע פאַמיליע האָט קיינער נישט געוואוסט; ס'איז אַ סברה, אַז ער אַליין האָט אויך דערפון קיין השגה נישט געהאַט. בייזע צינגער האָבן אפילו אונטערגערעדט, אַז מלך פּיפּקע קערט זיך אָן גאָר אַ באַעונטער שמעקקע מיט די אמתע שניאורסאָנס, ביי וועלכע ער האָט מכּל־ימיו געוואוינט בשכנות אין אַ קעלער אין זייער גרויסן מויער אויפן אַלטן מאַרק, וואו ס'וואוינט איצט דער גרויסער האָלץ־סוחר ר' הלל שניאורסאָן.

אַלענפאַלס איז דער שלשלת־היוחסין פון מלך פּיפּקע געווען איינגעוויקלט אין אַ סודות־פולן שלייער: אייניקע האָבן דערציילט, אַז פּיפּקעס טאַטע, ר' אַנשל, איז אַוועק דינען אין קאַנטאָניסטן אַלס „אָכוואָטניק" פאַר אַ פעטער פונם איצטיקן ר' הלל שניאורסאָן, און דערפאַר טאַקע האָט מען דאָס אים משנה־שם־געווען אויף שניאורסאָן, פאַר וועלכן ער איז אַ כפּרה געווען...

אַנדערע, „סקאַזקע" האָבן דערציילט, אַז ר' אַנשיל, מלך פּיפּקעס טאַטע, איז גאָר געווען אַ „שמייסער" ביי די אַלטע שניאורסאָנס, און היות ער איז געווען אַ קיילעכדיקער יתום און קיינער האָט נישט געדענקט זיין אמתע פאַמיליע, האָט מען אים אין דער „סקאַזע" פאַרשריבן אַלס שניאורסאָן.

אַזוי־אַרום איז אַנטשטאַנען אַ נייע דינאַסטיע שניאורסאָנס.

וועלכע השערה פון דיביידע איז די ריכטיקסטע — ווייסט מען נישט; מ'ווייסט נאָר, אַז מלך פּיפּקע וואוינט אין שניאור־סאָנס קעלער. דאָרט האָט ער זיך אויפגעהאָדעוועט, חתונה געהאַט, קינדער געבוירן און אין דעמדאָזיקן קעלער עלטערט ער זיך עד־היום...

אין שטאָט האָט מען אים איבעראַל געקענט נאָר אונטערן נאָמען „מלך פּיפּקע", און קינדער פלעגן אים ממש די יאָרן

דערגיין מיט דעם צונעמעניש... אפילו אין בית-מדרש האָט מען אים אויך נישט געלאָזט צו-רו, און צו דער תורה האָט מען אים אויפגערופן מיט דעם צונעמעניש...

מ׳וואָלט אַוודאי פאַרגעסן גאָר וועגן מלך פּיפּקעס אמתן פאַמיליע-נאָמען, ווען נישט אַ צופאַל, וועלכער האָט אַלעמען אָן דעם דערמאָנט.

ו

ס׳איז געווען דאַן, ווען אין ר׳ הלל שניאורסאָנס הויז האָט זיך פּלוצלונג אַריינגעכאַפּט די כּפירה ר״ל: זיינע קינדער האָבן אָנגעהויבן שטודירן אין די גימנאַזיעס און אוניווערסי-טעטן, און זיינע מיידלעך—שפּילן קלאַוויר... ר׳ הלל שניאורסאָנס הויז איז פון-דאַן-אָן געוואָרן דער צענטער פון דער כּפירה, און פון דאָרט האָט זי זיך פאַרשפּרייט איבער גאַנץ שטאָט.

איבערהויפּט האָט אין שטאָט אָנגעהויבן רודערן, בעת ס׳האָט זיך צוריקגעקערט פון רעזידענץ-שטאָט ר׳ הללס עלטערער זון — אַ סטודענט, וועלכער האָט מיטגעבראַכט די „קראַמאָלע" פון יענע מקומות און האָט אַליין אינגיכן עוקר געווען פון שטאָט...

די פּאָליציי האָט לאַנג אַרומגעזוכט דעם געהיימניספולן „קראַמאָלניק" און איז ענדלעך געפאַלן אויף זיינע שפּורן אין שניאורסאָנס קעלער, וואו זי האָט געפונען מלך פּיפּקעס צוויי בנים. נאָכקוקנדיק אין די פּאַפּירן, האָט די „אָכראַנקע" גע-פּסקנט, אַז דאָס זענען טאַקע די אמתע שניאורסאנס, וועלכע

מ׳זוכט שוין לאַנג אַרום, און מ׳האָט זיי פּאַרפּאַקט ווייט-ווייט, אַז קיינער האָט נישט געוואוסט, וואו זייער געביין איז אַהינגעקומען...

מלך פּיפּקע האָט לאַנג געקלאָגט נאָך זיינע צוויי יונגע בוימעלעך, וועלכע זענען אים אין רעכטן בליען אַרויסגעריסן געוואָרן. אין שטאָט האָט דאָס לכתחילה אַרויסגערופן אַ מהומה, אָבער גלייך האָט מען זיך ווידער באַרואיקט: „אַ שיינע ריינע כפּרה!"

פון דאַן אָן האָט מען שוין אויף מלך פּיפּקען מער אַכט געלייגט: נישט נאָר די פּאָליציי, וועלכע האָט אָנגעהויבן אָפּטער אַריינקוקן אין קעלער, נאָר אַפילו פּשוטע יידן און קינדער האָבן אָנגעהויבן מיט מער דרך-ארץ קוקן אויף מלך פּיפּקען, און אין בית-מדרש צו דער תורה האָט מען אים שוין אויסגערופן: „יעמוד ר׳ מלך שניאורסאָן!"

מלך פּיפּקען איז אָבער באַשערט געווען נאָכאַמאָל צו פאַרזוכן דעם טעם פון זיין יחסנישער פאַמיליע.

דאָס איז געווען בעת דער ערשטער מאָביליזאַציע פאַרן קריג. אויפן מאַרק האָבן זיך פאַרזאַמלט פון די אַרומיקע דערפער גרויסע מענגעס בגילופינדיקע פויערים, וועלכע זענען געקומען צום וואָאינסקי נאַטשאַלניק. דער המון האָט אָנגעהויבן שטיפן און בעת-חדוה גענומען זיך גאָר צו פאַרטשעפּען יידן. דערווייל האָט איינער געוואָרפן אין המון דעם רוף צו גיין צום רייכן „זשיד" ר׳ הלל שניאורסאָן... צוקומענדיק צו הלל שניאורסאָנס הויז אין מאַרק, איז דער המון אַ ווײַלע געבליבן שטיין, נישט וויסנדיק פונוואַנען אָנצוהויבן. פון דער פאַרלעגנהייט האָט זיי אַרויסגעפירט עפּעס אַ קליינער שגץ, וועלכער האָט אָנגעוויזן אויף מלך פּיפּקעס קעלער, וואָס אונטער ר׳ הללס דירה; דערביי האָט זיך דער שגץ געצלמט, אַז ער

ווייסט אויף זיכער, דאָס דאָ וואוינט דער אמתער שניאורסאָן, וועמענס זין „סיציליסטן" די פּאָליציי האָט דאָ נישט־לאַנג אַרעסטירט...

דער המון האָט זיך געלאָזט איינרעדן און ס'האָט לאַנג נישט געדויערט, ווי פון מלך פּיפּקעס קעלער איז געוואָרן אַ חורבה; מ'האָט אים אין אַ כהרף־עין געלאָזט אינגאַנצן הייל און גאַנץ, קיין זאַך נישט איבערגעלאָזט, און וואָס מ'האָט נישט געקענט מיטנעמען, האָט מען צעבראָכן און חרוב גע־מאַכט... מלך פּיפּקע אַליין האָט זיך קוים געראַטעוועט מיט זיין פאַמיליע דורך אַ הינטער־טיר און איז אַזוי־אַרום ניצול געוואָרן פון טויט...

ר' הלל שניאורסאָנס פאַמיליע איז דאָסמאָל אויך אָפּגע־קומען נאָר מיט שרעק...

III

דאָס איינציקע מאָל, ווען מלך פּיפּקע האָט געפילט דעם אמתן טעם פון זיין יחסנישער פאַמיליע, איז געווען אַנומלט פּורים צו דער סעודה.

פּורים איז געווען ביי די שניאורסאָנס אַ פאַמיליען־יום־טוב: אין דעם טאָג איז אויסגעפאַלן דעם אַלטן שניאורסאָנס געבורטסטאָג, וועלכער פלעגט געפייערט ווערן מיט גרויס פּראַד, ווי ס'פּאַסט פאַר די שניאורסאָנס.

און ס'איז געווען אַ מנהג ביי די שניאורסאָנס, אַז אין דעם טאָג פלעגן אַלע קינדער, אייניקלעך און סתם קרובים

קומען פון נאָענט און פון ווייט צו דער סעודה, וועלכע פלעגט איינגעריכט ווערן ביי די שניאורסאָנס כיד המלך.

שוין מיט אייניקע טעג פאַר פּורים פלעגן זיך ביי די שניאורסאָנס אָנהויבן די הכנות צו דער סעודה: מ׳פלעגט באַקן, פּרעגלען, קאָכן און די גאַנצע שטוב איז פול געווען פון די געשמאַקע ריחות, וועלכע פלעגן רייצן דעם נאָז און גרייכן אפילו צו מקך פּיפּקען אין קעלער...

און ס׳האָט פּאַסירט, אַז אין דעם פּורים, וועלכן מיר באַשרייבן, איז צו ר׳ הלל געקומען צו גאַסט זיין מיזינקע — אַ היינטוועלטיקע דאַמע, וועלכע האָט באַשטעלט איר שלח־מנות פאַר דעם טאַטן ביי אָרע דעם צוקער־בעקער — אַ גרויסן טאָרט אין דער פאָרם פון אַן אייפּעל־טורעם, וואָס איז געווען אינגאַנצן געמאַכט פון פאַרשידענע דעליקאַטעסן און צוקער־מאַטעריאַלן. איינקויפנדיק דערצו אַ צענדליק פּאָמעראַנצן, אַ פלאַש כרמל־ווין און אַנדערע נאַשערייען — האָט די מיזינקע דאָס אַלץ איבערגעלאָזט ביי אָרע דעם בעקער און האָט אים אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל דאָס אָפּטראָגן צו שניאורסאָנען אָוונט־צייט צו דער רעכטער פּורים־סעודה.

מעשה־שטן האָט אָבער אָרע דער בעקער יענעם טאָג געהאַט עפּעס אַ „סוד” און האָט זיך דאָרט פאַרדרייט ביז שפּעט אינאָוונט. אַז אָרעס ווייב האָט זיך געכאַפּט זייגער 7 אָוונט, אַז מ׳האָט נאָך דעם גביר נישט אָפּגעטראָגן דעם שלח־מנות, האָט זי תיכף, פייל פון בויגן, איינגעפּאַקט דעם רייכן שלח־מנות און האָט געהייסן כריפּינען, אַן אַלטע גויע, וועלכע האָט געאַרבעט ביי איר, זי זאָל תיכף אָפּטראָגן דעם טאָרט צו די שניאורסאָנס. כריפּינע האָט געקענט דעם אַלטן וואַסער־טרעגער מלך פּיפּקע און האָט געוואוסט, אַז דאָס איז דער שניאורסאָן, ביי וועלכן די רעזערוויסטן האָבן אַנומלט דעם

פּאָגראָם געמאַכט... דערזעענדיק דעריבער די אויסגעבראָכענע פענסטער, וועלכע האָבן געטאַרטשעט פון קעלער, האָט זי דאָס פּעקל אַריינגעטראָגן צום וואַסער-טרעגער אין שטוב... מלך פּיפּקע האָט לכתּחילה זיך דערשראָקן און מורא געהאַט צוצו־רירן זיך צום שלח-מנות, נאָר די גויע האָט גענומען שווערן זיך, אַז דאָס איז פאַר אים און אַז דעם גבירס טאָכטער אַליין האָט איר אָנגעזאָגט איבערצוגעבן דעם שלח-מנות פאַר דעם וואַסער-טרעגער...

דאַן ערשט האָבן מלך פּיפּקעס הויז-לייט זיך אַ וואָרף געטאָן צום טאָרט, געריבן פּאָמעראַנצן און אַנדערע נאַשערייען און געמאַכט „לחיים", אַז אַ רויך איז געגאַנגען...

נאָך דער פערטער כּוס'ע האָט מלך פּיפּקע, אינגאַנצן אַ צעפּלאַמטער, געכאַפּט אַ טענצל אין קעלער מיט זיין פלוניתטע, און די קינדער האָבן זיי פריילעך צוגעפּאַטשט מיט די הענטלעך. אין קעלער איז געוואָרן ליהודים. מלך פּיפּקע האָט זיך אויס־געגלייכט, ווי ער איז גרויס, און האָט שוין בגילופנדיק גע־שריען צו די קינדער:

— יעמוֹד ר' מלך שניאורסאָן! איר הערט, שקצים, דאָס בין איך שניאורסאָן!.. נישטאָ מער מלך פּיפּקע — געשטאָרבן... אַלע שונאים מיינע אויף צופּיקעניש — בין איך שניאורסאָן! ס'איז איינמאָל פּורים — טאָ זינגט-זשע, קינדערלעך:

„היינט איז פּורים, מאָרגן איז אויס,
גיט מיר אַ פּיאום, און וואַרפט מיך אַרויס"!..

# פּראָכאָר

קוינער פון די אײנװאױנער פון דער שטאָט מ. האָט נישט געװאוסט, װער ער איז און פונװאַנען ער שטאַמט. גאָר אומגעריכט האָט ער אַמאָל אין אַ פראָסטיקן װינטער-טאָג פּלוצ-לונג באַװיזן זיך אינמיטן מאַרק – אַ באָרװעסער, אָן אַ הוט, מיט קודלעװאַטע האָר און אין אײן העמד, פון װעלכער ס'האָט געטאַרטשעט אַ נאַקעטע ברודיקע לײב מיט אַ ברוינער, האָרי-קער ברוסט... פאַרשטאַרט איז ער געשטאַנען אַזױ, מיט די אױגן אײנגעגנורעט צו דער ערד, און האָט געשאָקלט מיט זײַן קודלעװאַטן קאָפּ. אַרום דעם „בײז-װאונדער" האָבן זיך פּאַר-זאַמלט עטלעכע נײגעריקע װאַרעם-אָנגעפּעלצטע פּויערים און ייִדן, װעלכע האָבן געפּרוּװט אױספאָרשן דעם אומבאַקאַנטן, װער ער איז און װי מ'רופט אים, נאָר אויף אַלע זײערע פראַגן האָט דער אומבאַקאַנטער עפּעס אויף אַ משונהדיקן לשון געברומט, אַז קײנער האָט נישט פאַרשטאַנען, װאָס ער װיל...

די באַרמהאַרציקע פּויערים האָבן דעם פרעמדן אומבאַ-קאַנטן אַרײַנגעפירט אין דער דערבײאיקער „טשײנע" און האָבן יעדער פון זײַן ברויט-זעקל מכבד געװען אים מיט שװאַרצן

שמעקעדיקן ברויט, וואָס דער אומבאַקאַנטער האָט אויף גיך געלייגט אין מויל, צעוויסלאָזנדיק דערביי עפּעס משונה׳דיקע קלאַנגען.

אַן עלטערער פויער, וועלכער האָט די גאַנצע צייט מיט אַ מאָדנעם ערנסט געקוקט אויף דעם אומבאַקאַנטן, האָט כּמעט אַזוי זיך אַרויסגעבראָמט פון צווישן די ליפּן:

— „אָ באָזשע-זש טי מאָי, בראַטצי, ווער אָן גאָר, קאַק פּראָכאָר"...*)

פון דאמאָלסט אָן איז פאַר אים פאַרבליבן דער נאָמען פּראָכאָר.

ס׳איז שווער געווען צו דערקענען אין אים, וואָס ער איז — אַ גוי, צי אַ ייד. לויט זיין אויסזען איז ער ענלעך געווען צו אַן אמתן פויער: אַ הויך-געוויקסיקער, אַ שלאַנקער, מיט אַ מגושמדיק-געזעצטן קערפּער, האָט ער אויסגעזען, ווי אַן אור-אַלטער מענטש פון אדם הראשונס צייטן... מערנישט דאָס פּנים האָט דערמאָנט אָן עפּעס זייער באַקאַנטעס: די פּעך-שוואַרצע קודלעוואַטע האָר זענען אַראָפּגעהאָנגען, ווי לאַנגע פּאות, איבערן שטערן און אויף דער פּאַטילניצע, און אין די אויגן האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אַזאַ טיפער פּיין, אַז ס׳האָט געשווינדערט, איינקוקנדיק זיך אין זיי...

אַלע אין שטאָט — סיי יידן און סיי קריסטן — האָבן פאַר פּראָכאָרן גרויס אָפּשיי געהאַט; אפילו נאַטשאַלסטווע האָט אים אויך צו-רו געלאָזט און נישט געשטערט פראַנק-און-פריי אַרומצושפּאַצירן אין זיין אויסטערלישן אדם-קאָסטיום. מערנישט אין די אויבערשטע גאַסן איז אים פאַרבאָטן געווען צו באַווייזן זיך, און קוים פלעגט ער דערשיינען אויפן בריק איבערן דניעפּער, וואָס האָט אָפּגעטיילט דעם רייכן שטאָט-טייל

*) אָ, גאָט מיינער, ער איז דאָך גאָר, בר דערלעבן, הויל, ווי פּראָכאָר...

פון דעם אָרימען, — ווי פון אונטער דער ערד פלעגט ראַפּ־
טום אויסוואַקסן דער גאַראַדאָוואָי, וועלכער פלעגט פונדערווייטן
נאָך ווינקען צו אים מיט דער האַנט, ער זאָל ווייטער נישט
גיין. פראָכאָר האָט שוין גוט געקענט דעם צייכן פון גאָראָ־
דאָוואָי און פלעגט בהכנעהדיק פאַרלאָזן דעם בריק, מורמלענ־
דיק עפּעס אונטערן נאָז...

בכלל איז פראָכאָר זייער אַ רואיקער און שטילער געווען,
און זעלטן פלעגט ער אין כּעס ווערן. פון געדולד פלעגן אים
נאָר אַרויסברענגען די ווייסע חברהניקעס, וועלכע האָבן ליב
געהאַט צו פייפן אים גלייך אין אויער אַריין: דערפאַר האָט
פראָכאָר מורא געהאַט ערגער פון אַלץ און איז דערפון אַנט־
לאָפן וואו דער שוואַרצער פעפער וואַקסט...

פראָכאָרס דערשיינונג אויפן מאַרק אָדער אין גאַס
האָט מען אַלעמאָל געקענט דערקענען נאָכן פייף. קודם־כּל
פלעגט זיך דערהערן פונווייטן אַ דינינקער שיטערער פייף,
ווי אַן איינציקער סיגנאַל, וואָס האָט ווי אָנגעזאָגט, אַז פראָ־
כאָר גייט.

ערגעץ פון אַ זייטיקן געסל פלעגט זיך עמיצער באַלד
אָפּרופן מיט אַ צווייטן פייף, און פּלוצלונג פלעגט דער גאַנ־
צער מאַרק און אַלע דערבייאיקע גאַסן פאַרהילכט ווערן פון
אַ שטאַרקער, אָפּטער געפייפערײ, ווי דאָס ברומען פון אַ טויזנט־
מוליקער חיה, וואָס קויערט אויף איר פאַרצוקונג...

אין אַ רגע אַרום פלעגט זיך טאַקע באַווייזן פראָכאָר,
אין זיין לאַנגער ווייסער העמד, מיט צעשויבערטע האָר און
מיט אויסגעשטרעקטע הענט, ווי ער וואָלט בעטן הילף ביי
עמיצן פון זיינע פאַרפאָלגער, און באַלד פאַרשווינדן אין
„טשיינע"...

די „טשיינע איז געווען דער איינציקער מקום־מקלט פאַר

פראָכאָרן — פון פראָסט און פון רעגן און אויך פון זיינע קליינע פאַרפּאָלגער...

וואו פלעגט פראָכאָר נעכטיקן — דאָס האָט קיינער נישט געוואוסט. מ׳האָט אפילו דערציילט אין שטאָט, אַז ער נעכטיקט דאָרט ערגעץ אין „מאַניעזש", הינטערן שטאָט, וואו ס׳זענען אַמאָל געשטאַנען ריזיקע קאַזאַרמעס און נאָכדעם, ווי זיי האָבן אָפּגעברענט בשעת דער גרויסער שרפה, זענען אויף זייער אָרט פאַרבליבן בלויז געמויערטע חורבות... אָבער קיינער האָט זיך נישט דערוועגט צו גיין אַהין ביינאַכט...

אין שטאָט האָט מען געשמועסט, אַז דאָרט פירן זיך איצט די „נישט-גוטע" ר"ל.

...ס׳איז אָבער אַמאָל געקומען אַ מאָמענט, ווען אָט דער „מאַניעזש", פון וועלכן אַלע האָבן אַזוי געוויסט, האָט אין זיינע חורבות פּלוצלונג צוגעטוליעט אַ היפּש ביסל פאַמיליעס, מיט אַלע זייערע בעבעכעס און האָב-און-גוטס.

דאָס איז געשען אין אָנהויב פרילינג, פּונקט ערב-פּסח. דער טייך האָט זיך אַזוי צעיוכעט, אַז ער האָט פאַרטרונקען דעם גאַנצן נידעריקן טייל פון שטאָט — די אָרעמע „דובראָ-ווענקא". די קליינע הייזלעך, וועלכע זענען געשטאַנען צופוסנס פון באַרג, האָט געדראָט אין אַליאַדע מינוט אַראָפּגעשווענקט צו ווערן אין טייך. דאָס וואַסער האָט שוין אויך מיטגעשלעפּט אין שטראָם אייניקע הייזלעך, וואָס האָבן זיך געפונען נעענטער צום ברעג, מיט אַלע זייערע בעבעכעס און אפילו מיט די נפשות, וועלכע האָבן זיך דאָרט געפונען...

די נאַטשאַלסטווע האָט אויף גיך פאַראָרדנט אַלע איינ-וואוינער פון דער „דובראָווענקא" צו פאַרלאָזן זייערע באַדראָטע הייזלעך און איבערגעפירט די הונדערטער היימלאָזע משפּחות מיט אַלע זייערע בעבעכעס אַהין אין „מאַניעזש".

ס'זענען דאָרט אויף גיך צענויפגעשלאָגן געוואָרן באַראַקן — און די „חורבה", וועלכע האָט אויף אַלעמען נישט־לאַנג אַ פחד אָנגעוואָרפן, איז פּלוצלונג פאַרהילכט געוואָרן מיט די לוסטיקע קולות פון קינדער און עופּעלעך...

דאָ אין „מאַניעוש" האָבן די יידן דאַן געפּראַוועט אויך די סדרים...

אָנשטאָט אַ טיש האָט פאַר אַלעמען געדינט דער איבער־געבליבענער פונדאַמענט פון אַ וואַנט, וועלכע איז איבערגעדעקט געוואָרן מיט שניי־קלאָרע טישטיכער, ס'איז געגרייט געוואָרן דער פּסח־טיש לויט אַלע הידורים, מיט מצות, חרוסת און שאָר ירקות; מ'האָט אָנגעצונדן ליכט; דער גאַנצער עולם, אָנגעטאָן אין קיטלען, מיט די הגדות אין די הענט, האָט אָפּגעזאָגט „קידוש" און זיך געזעצט זאָגן די הגדה אונטערן פרייען אויסגעשטערנטן הימל...

די ווייבער האָבן זיך אַלע צוזאַמען גע'עוסקט אַרום דער געמיינזאַמער פּסח־וויעטשערע, וועלכע האָט זיך טאָקע דאָ אין דער חורבה געקאָכט אויף דעם גיך־צענויפגקלאַפּטן אויוועלע.

נאָכדעם, ווי אַלע האָבן אָפּגעבענטשט במזומן, און דער גאַנצער עולם האָט זיך אויפגעשטעלט פון די ערטער און אויפן קול אָנגעהויבן זאָגן דעם „שפוך חמתך", איז ווי פון אונטער דער ערד אומגעריכט אויסגעוואַקסן אין זיין לאַנגער ווייסער הצמד און צעשויבערטע האָר, פּראָכאָר, וועלכער האָט אין דער אומגעווענלעכער סביבה, צווישן די שטיינערנע חורבות, באַלויכטן פון דעם קאַלטן שיין פון דער פּסחדיקער לבנה, דערמאָנט אָן עפּעס אַ מוראדיקן געשפּענסט פון יענער וועלט...

די ווערטער זענען ביי אַלעמען פאַרגליווערט געוואָרן אויפן צונג, און דער גאַנצער עולם איז דערשטוינט געבליבן אויף די ערטער.

פּלוצלונג האָט זיך פון ערגעץ דערהערט אַ פּ־יף, נאָכדעם

ט צווייטער און א דריטער — און די גאַנצע „חורבה" איז באַלד אָנגעפּילט געוואָרן מיט אַ רוישיקן געפּייף, וועלכער האָט מאָנימדיק אָפּגעהילכט אין דער קאַלטער פּסחדיקער נאַכט...

פראָכאָר האָט, ווי אַ צעררייצטע חיה, געוואָרפן זיך אין אַלע זייטן, געשפּרונגען און געוואָיעט, ווי אַ הונט, און איז ענדלעך מיט אַ ווילדן געברום אַרויסגעלאָפן פון „מאַניעזש" און נעלם געוואָרן אין דער קאַלטער נאַכט...

פון דאַמאָלסט אָן האָט מען פראָכאָרן מער אין ערגעץ נישט געזען...

זיין געדעכעניש איז אָפּגעווישט געוואָרן פון דער ערד...

# דער גובערנאַטאָר אין סוכּה

## I

אונזער הויז איז געשטאַנען אין עק פון מאַרק קעגנאַי־בער דעם גרויסן בריק, דאָרט, וואו ס׳גיסט זיך אַריין די קליינע דובראָוועגקא אין גרויסן רחבותדיקן דניעפּר. הגם דאָס איז געווען אַן איינפאַכע איינשטאָקיק־הילצערנע געביידע, האָט עס דאָך אויסגעטיילט זיך פון אַלע געביידעס אויפן מאַרק, דערהויפּט מיט זיין פיינעם הויכן פּראָנט, וואָס האָט שטאָלץ אַרויסגעקוקט מיט דער רעכטער זייט צום בריק און מיט דער לינקער — צו דעם „גובערנאַטאָר־וואַל״ אויף דער אַנדערער זייט טייך, וואו ס׳האָט זיך איבערן באַרג דערהויבן דער פּרעכטיקער ווייסער בנין פון גובערנאַטאָר־פּאַלאַץ.

קוקנדיק אָט פון דעם ריזיקן „וואַל״, וועלכער האָט אָפּ־געטיילט דעם אויבערשטן שטאָט־טייל פונם נידעריקן, האָט דער מאַרק אויסגעזען, ווי אַ טיפער טאָל, וואָס פלעגט אַ פּאָר חדשים אין יאָר, פון פּסח ביז איבער שבועות, מגולגל ווערן אין אַ טייך, וואו ס׳פלעגן אַרומשמייען הין און צוריק קליינע שיפלעך, וועלכע האָבן אַריבערגעפירט די איינוואוינער פון דער

געגנט אין זייערע פּאַרטרונקענע הייזלעך... דאָס וואַסער האָט אויך נישט געשוינט אפילו אונדזער הויכע הויז און האָט תמיד פאַרטרונקען דעם גאַנצן פראָנט מיטן הויף, וואָס פאַר אים.

דאָסדאָזיקע „וואַסער-געשפּענסט" האָט געדויערט אַזוי לאַנג, ביז וואַנען ס'איז אַמאָל אָנגעקומען צו אונדז אַלס פּריס-טאַוו אַ געוויסער מיזגאַילאָ, אַ טיכטיקער יונג, וועלכער האָט מיט אַ ברען גענומען זיך צו פאַרשפּאַרן דעם צעיושעוועטן טייך. דערדאָזיקער מיזגאַילאָ האָטווירקלעך אין אַ קורצער צייט באַזיגט די דובראָווענקא, פאַרצוימט דאָס וואַסער מיט אַ הויך-אָנגעשאָטענעם „וואַל", און אויסברוקירנדיק אויפן חשבון פון די בעה"ב דעם מאַרק, האָט ער נאָכדעם דעם גאַנצן שטח פון בריק ביז אונדזער הויף געלאָזט פאַרפלאַנצן מיט 2 געדיכטע שורות יונגע טאָפּאָלן — און דאָס אָרט איז געוואָרן נישט צו דערקענען: דאָרט, וואו ס'האָבן נישט-לאַנג געזונקען ביז איבער די קנעכלעך די פיס אין ווייכער, קלעפּיקער בלאָטע, איז פּלוצלונג, ווי דורך אַ כישוף, אויסגעוואַקסן אַ פּרעכטיקער בולוואַר, וואו אַ גאַנצן טאָג פלעגן זיך שפּילן קליינע קינדער, און אויף דער נאַכט — אַרומשפּאַצירן פאַרליבטע פּאָרלעך...

דער איינגעצאַמטער טייך האָט אויך דרך-ארץ געקראָגן פאַרן ענערגישן פּריסטאַוו און האָט מער נישט געוואַגט אַרויס-צוגיין פון זיינע ברעגעס, וואו אים איז באַשטימט געווען צו פליסן...

## II

צו יענער צייט האָט העשל דער דיעגטאַרניק, אַן אויפ־געקומענער ישובניק מיט עטלעכע סקיפּידאַר־און דזעגאַכץ־זאַוואָדן הינטערן שטאָט און 2 שאַרפע קראָמען אויפן אַלטן מאַרק, געוואָרפן אַן אויג אויף אונדזער גרויסן הויף און פאַר אַ היבשער אפּותיקא אָפּגעדונגען ביים פאָטער אַ טייל הויף אויף אָפּצושטעלן דאָרט זיין דזעגאַכץ. מיין מוטער איז אפילו תחילת געווען שטאַרק נישט צופרידן פון דעם עסק און האָט געטענהט, אַז דער „דיעגטאַרניק" וועט אונדז פאַרשמוצן דעם הויף, אַז מ׳וועט דאַרפן אַנטלויפן פון שטוב פון דעם ריח; אָבער דער פאָטער האָט איר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז אים וועלן זייער צונוץ קומען די עטלעכע הונדערט רובל אויף צו רעכט־מאַכן דעם דאַך, וואָס האָלט שוין אינגאַנצן ביי צעשאָטן ווערן, אַז די חזירים און ווייסע חברהניקעס מאַכן אַ תל פון סאָד, און אויב מ׳זאָל תיכף נישט מאַכן קיין נייעם פּאַרקאַן, וועט פון אים קיין צווייגל נישט בלייבן. די מוטער האָט זיך געלאָזט איבעררעדן און העשל דער „דיעגטאַרניק" איז געוואָרן אַ גאַנצער בעל־הבית אין אונדזער הויף.

## III

ייט איך געדענק, איז מיין פאָטער געווען אַ יאַדוש ליוווער און פלעגט דעריבער אָפּט פאָרן אין קרים צו זיינע רייכע פלימעניקעס, גרויסע אייזנבאַן־פּאָדריאַדטשיקעס אין דרום־

דוסלאַנד, וועלכע פלעגן יעדער זומער וואוינען אין פעאָדאָסיע ביים ים. דאָס ערשטע יאָר, — געדענק איך, — ווען העשל דיעגטיאַרניק איז געוואָרן ביי אונדז אַ שכן, האָט דער פאָטער פרוצלונג דערקלערט, אַז ער ברויכט שוין מער נישט צו פאָרן קיין קרים און אַז העשלס דזשעגאַכץ האָט אים ממש דאָס לעבן געראַטעוועט... און ווירקלעך, האָט דער פאָטער יענץ יאָר כמעט אויפגעהערט צו הוסטן, מערנישט ביינאַכט, ביים שלאָף, פלעגט ער זיך נאָך אַלץ קלאָגן, אַז דער הוסט לאָזט אים נישט אָפּ. דער פאָטער האָט דעריבער קוים געקענט זיך דערוואַרטן דעם באַגינען, און אַ בליאַסק פאַרטאָג פלעגט ער שוין מיט זיין קליינעם קופערנעם „סאַמאָוואַרטשיק", וועלכן ער פלעגט אליין אויפקאָכן, זיצן ביי אַ טישל אין הויף און צווישן יעדן זופּ טיי און צי מיט דער „ליולקע" (דער פאָטער איז געווען אַ שטאַרקער רויכערער) האָט ער אַריינגעאָטעמט אין זיין ברוסט דעם רייצנדן ריח פונעם דזשעגאַכץ-פאַס, וואָס איז דער-ביי טאַקע געשטאַנען.

אַ גאַנצן פרימאָרגן פלעגט דער פאָטער פאַרברענגען אַזוי ביי זיין טישל אין הויף, אַריינקוקנדיק אָפּטמאָל אין אַ ספר, און אפילו אויפנעמען דאָ באַקאַנטע אין פאַרשידענע געשעפטלעכע אָנגעלעגנהייטן. מערנישט צום דאַווענען פלעגט ער זיך אָפּרייסן אויף אַ שעה און נאָכדעם ווידער קומען צו זיין „דאַטשע", ווי ער האָט דאָס גערופן. דער פאָטער האָט אפילו פאַרלאַנגט, מ'זאָל אים אַהער אויך עסן ברענגען, נאָר דאָס האָט ער בשום-אופן נישט געקענט פועלן ביי דער מוטער, וועלכע פלעגט ווייכן פונם דזשעגאַכץ אַ תחום-שבת...

דערפאַר אָבער האָט דער סוכות געהערט אינגאַנצן צו דעם פאָטער. דאָס איז געווען די איינציקע געלעגנהייט, ווען ער האָט געקענט אינגאַנצן אויספירן זיין קאַפּריז און קיינער

האָט אים אפילו נישט פאַרגעוואָרפן דערפאַר. די מאַמע אַליין האָט אים אַהער אין סוכּה געבראַכט דאָס עסן און פלעגט וואַרטן ביזוואַנען צר פלעגט ענדיקן איין געריכט, כּדי צו ברענגען אים אַן אַנדער געריכט. די מאַמע אַליין האָט אין סוכּה נישט געגעסן און פלעגט, ווי פאַרענטפערנדיק זיך פאַר עמעצן, זאָגן:

– מ'זאָל נישט זינדיקן פאַר די רייד, אַז ס'גייט מיר דאָס עסן נישט אויף דער נשמה, בעת ס'שלאָגט מיר אין נאָז דער ריח!...

## IV

אויסער מיין פאָטער איז אין שטאָט געווען נאָך אַ פּערזאָן, וועלכע האָט דעם בעסטן טעם-גן-עדן געפילט איגם ריח פון דזעגאַכץ – דאָס איז געווען דער גובערנאַטאָר פון שטאָט, אַן עלטערער מאַן פון אַ יאָר 60, וועלכער האָט געהאַט אַ מערקווירדיקע טבע צו מאַכן זיין מאָציאָן דווקא פאַרטאָג, ווען אַלע שלאָפן נאָך. אָבער מערקווירדיקער פון אַלץ איז געווען דאָס, וואָס פאַר זיין שפּאַציר-אָרט האָט ער גראָד אויסגעקליבן אונדזער הויף, און יעדער פרימאָרגן אין דערזעלבער שעה – ס'האָט געמעגט זיין דאָס ערגסטע וועטער – האָט מען געקענט זען דעם גובערנאַטאָר, ווי ער שפּאַנט, אָנשפּאַרנדיק זיך אויף זיין שטעקן, איבער דער טאָפּאָל-אַלעע ביים ברעג טייך, וואָס האָט געפירט צו אונדזער הויף. הינטער אים, אויף אַ בכּבודיקן מהלך, איז תּמיד נאָכגעגאַנגען, ווי אַ שאָטן, דער

גאָראָדאָוואָי פון נאָענטן פּאָסטן, וועלכער האָט אים פון אויג נישט געלאָזט — אַפּנים אַזאַ „פריקאַז״ געהאַט... דער גובער־נאַטאָר פלעגט זיך פאַרהאַלטן אין הויף אַ לענגערע צייט, אַרומגיין לאַנגזאַם צווישן די פּעסער און, אָנפּלאָזנדיק דעם שטעקן אין דער שוואַרצער, געדיכטער פּליסיקייט, פלעגט ער עס נאָכדעם צוטראָגן צום נאָז און מיט פאַרגעניגן שלינגען דעם צופנדיקן אנגענעמען אַראָמאַט...

ווען דער פּאָטער איז הושענה־רבה אינדערפרי געקומען אין סוכּה צום לעצטן מאָל אתרוג בענטשן, האָט ער צו זיין גרויס פאַרוואונדערונג געטראָפן דאָרט דעם גובערנאַטאָר, וועל־כער האָט זיך דאָרט משמעות באַהאַלטן פונעם דראָבנעם הערבסט־רעגעלע. דער פּאָטער איז לכתחילה אַביסל מבולבל געוואָרן פון דער אומגעריכטער באַגעגניש און האָט געוואָלט גיין צוריק, שעמענדיק זיך צו באַווייזן פאַר דעם גובערנאַטאָר אין אַ שלאָף־ראָק און יאַרמולקע. אָבער דער גובערנאַטאָר האָט אים שוין נישט אָפּגעלאָזט און האָט מיט אים פאַרפירט אַ געשפּרעך וועגן סוכּות, יידן און יידישקייט. דערהויפּט האָט געצויגן זיין אויפמערקזאַמקייט דער לולב מיטן אתרוג, וועלכע דער גובער־נאַטאָר האָט פון אַלע זייטן באַטראַכט, אַרויסזאָגנדיק צום סוף זיין מיינונג, אַז דאָס איז אַ זעלטענע פרי, וועלכע ער זעט צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן...

אַז די מוטער האָט געבראַכט דעם פּאָטער אין סוכּה

אַרײַן אַ גלאָז קאַווע מיט אַ שטיק יום־טובדיקן פלאָדן, זענען דער פּאָטער און דער גובערנאַטאָר נאָך אַלץ געזעסן אין סוכּה פאַרטיפט אין אַ הייסן וויכּוח וועגן אמונה־זאַכן.

ביי דעמזעלבן וויכּוח האָט זיי שפּעטער אויך געטראָפן דער שמש פון שול, וועלכער איז געקומען רופן דעם פּאָטער צום ערשטן מנין. דער שמש, דערזעענדיק אַזאַ גרויסן שררה אין סוכּה, האָט נישט געהאַט קיין דרייסט צו שטערן זיי און איז אַוועקגעלאָפן אין שול מיט דער בשורה, אַז ביי ר׳ שעיהן אין סוכּה זיצט בכבודו ובעצמו דער גובערנאַטאָר און אַז ער אַליין האָט אים מיט זיינע אויגן געזען!..

די בשורה האָט זיך פון שול באַלד פאַרשפּרייט אין גאַס, און אַלע זענען געלאָפן אויפן בייז־וואונדער — צו זען דעם גובערנאַטאָר אין סוכּה. ס׳איז שיר נישט געקומען צו אַן אומגליק מיט דער סוכּה, אויף וועלכער דער עולם האָט אָנגעשפּאַרט פון אַלע זייטן, באַמיענדיק זיך אַריינצוקוקן דורך אַ שפּאַרינקע, וואָס זיי טוען דאָרט אינעווייניק. צום גליק האָט דער גאָראָדאָוואָי גלייך געגעבן צו וויסן אין צירקל, פונוואַנען ס׳איז אָנגעקומען פּאָליציי מיטן פּריסטאַוו בראש. דער לעצטער האָט זייער איידל באַזייטיקט דעם נייגעריקן עולם — גויים און יידן — און האָט פונדערווייטן זיך געשטעלט וואַרטן, ביז דער גובערנאַטאָר וועט באַוויליקן אַרויס פון סוכּה.

* * *

... דער פֿאָטער האָט יענעם הושענה־רבה צום ערשטן מאָל פֿאַרשפּעטיקט דעם ערשטן מנין און האָט געמוזט דאַווענען מיטן צווייטן מנין. אין שול האָט מען יענעם הושענה־רבה זייער שוואַך געדאַווענט; דער עולם איז עפּעס געווען אומגעוויינלעך צעשטרייט און האָט זיך אינדערשטיל געסודעט, טיילנדיק זיך איינע מיט די אַנדערע מיט די פּרטים פֿונם גובערנאַטאָרס באַזוך אין סוכּה.

# די אַלטע ירושה

חייקע איז אַ מיידל פון קליינעם וואוקס מיט אַ פּאָר־גליווערטן מרה־שחורה־שמייכל אויפן פּאַרמעט־ווייסן געזיכט און מיט אַ פּאָר שוואַרצע מיטליידנדע אויגן.

אינטערעסאַנטע אויגן — עכט יידישע אויגן, מיט דעם ספּעציפיש־יידישן ביטול־אויסדרוק, פון וועלכע ס'פינקלט אַרויס יענץ פאַרבאָרגענע יידישע פּייערל, וואָס דריקט־אויס גלייכצייטיק אי לעבנס־לוסט, אי דערביטערונג.

חייקע איז אַ ווילנערין מלידה ומבטן — דאָ געבוירן און דאָ דערצויגן. דאָ האָט זי אויך אַ שלשלת־היוחסין, וואָס קייטלט זיך אַזש ביז גאָר אין די ווייטסטע דורות.

האָט זי פון זיי גענומען די אַלטע „ירושה" און שפּינט ווייטער דעם גאָלדענעם פאָדעם פון יענעם ווייטן און זעלטענעם עבר.

* *
*

תמיד איז חייקע מיט עפּעס באַשעפטיקט. זי זיצט אַ מינוט נישט ליידיק.

און אַרבעט האָט זי איבערן קאָפּ: דאָ אַ באַקאַנטן אויסריכטן אין וועג, דאָ — אַ גוטן פריינט מבקר־חולה זיין, דאָ אַ געפאַלענע פאַמיליע מחיה זיין. דאָרט אַן אומשולדיק־פאַרעסטירטן אויסהעלפן — קיין זאַך וועט איר נישט מיידן, צו אַלץ גיט זי זיך איבער מיט התלהבות און מיטן גאַנצן ברען.

גאַנץ באַזונדערס איז זי דאָך איבערגעגעבן צו אירע „פּאָדרוגעס" — זיי האָט זי ליב ממש ווי דאָס חיות, קען אַ מינוט אָן זיי נישט לעבן און טיילט זיך מיט זיי וועגן אַלץ...

נאָר שטענדיק האָט זי דאָך איין „פּאָדרוגע", אַ חברטע, מיט וועלכער זי איז נעענטער, ווי מיט אַלעמען, — עסט מיט איר צוזאַמען, שלאָפט מיט איר צוזאַמען, אָט ווי צוויי טייבעלעך...

זינט חייקע האָט געענדיקט די גימנאַזיע האָט זי שוין אַ סך „פּאָדרוגעס" אָנגעוואָרן — די אויף קורסן אויסגעריכט, די אַהין, די אַהער, זאָגאַר שוין איינע צו דער חופּה געפירט, נאָר קיין איין מאָל אָן אַ „פּאָדרוגע" נישט געבליבן; יעדעס מאָל האָט איר גאָט צוגעשיקט אַן אַנדערע...

איין מאָל נאָר איז חייקע אַ קורצע צייט אָן אַ „פּאָד־רוגע" געבליבן — דאָס איז געווען דאַמאָלסט, בשעת איר האָט זיך פאַרגלוסט אַליין אויף קורסן פאָרן, נאָר פּלוצלונג האָט זיך איר פאַרבענקט זייער נאָך ווילנע, אָדער אפשר נאָך דער „פּאָדרוגע", און זי איז צוריקגעקומען — שוין אויף אַלעמאָל.

שטענדיק באַגעגנט איר זיי באַנאַנד — זי מיט אַ „פּאָד־רוגע", — לויפנדיק עפּעס אין אַ „דבר־מצוה", פאַר אירע באַ־קאַנטע. און אירע באַקאַנטע זענען גאַנץ שטאָט. אַלע קענען זי, און זי קען אַלעמען אין ווילנע. יעדערן האָט זי עפּעס וואָס פאַרצוזייגן: דעם אַ בילעט אויף אַ וואוילטעטיקן ספּעק־טאַקל, דעם אַ לאָטעריי־צעטל אויף אַ „איזיאַשצנעם" אַלבאָם,

וואָס ווערט געפלעט לטובת אַן אָרימער פאַמיליע, — דעם עפּעס אַ בשורה אָנזאָגן, דעם אויסמוסרן, וואָס ער קומט נישט געוואָר ווערן צו זיין קראַנקן חבר, און אַז. וו.

נאָר מער פון אַלץ טאָקע זאָרגט זי זיך וועגן אירע „פּאָדרוגעס״—זיי ווידמעט זי דעם גרעסטן טייל פון איר צייט, נאָך מער, ווי צייט,—די כוחות אירע גיט זי זיי אָפּ. באַשליסט אירע אַ „פּאָדרוגע״ צו פאָרן אויף קורסן, איז נישט שייך צו זאָגן—אַרבעט זי אויף אַלע כלים אַזוי לאַנג, ביז די „פּאָדרוגע״ וועט שוין איר פאַרלאַנג דערגרייכן. טאָמער זענען די עלטערן דאַקעגן און ווילן נישט זייער טאָכטער זאָל אויף קורסן פאָרן, וועט זי שוין אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט איינטענהן מיט זיי, אַז די עלטערן מוזן שוין צושטימען. טאָמער העלפט דאָס אויך נישט, וועט זי זיך שוין אַן אַנדער עצה געבן — זי וועט צו קרובים לויפן, „זכות-אָבות״ געפינען און אירס ענדלעך פועלן.

און איז די „פּאָדרוגע״ שוין, געלויבט דעם אויבערשטן, אוועקגעפאָרן אויף די קורסן, הויבט זיך ערשט אָן פאַר איר אַ סדרה פון אַרומשלעפעניש און האָוועניש: מ׳דאַרף אַכטונג געבן, די „פּאָדרוגע״ זאָל באַקומען דאָרטן איר „סובסידיע״ פון דער היים — איז ווידער אַ געשעפט מיט שרייבעניש, מיט לויפעניש, מיט ערגערניש, און אַלץ גייט-אויס צו איר קאָפּ...

די „פּאָדרוגעס״ אירע זענען צו חייקען אויך געטריי, זיי אַנטפּלעקן איר אַלע סודות, אַלע „הערץ-אינטערעסן״, טיילן זיך מיט איר מיט דאָס אינטימסטע און פאַרבאָרגנסטע, און מען קען דרייסט זאָגן, אַז דאָס מיידלשע האַרץ פון אירע „פּאָדרוגעס״ טוט נישט אַ צאַפּל, אַז זי זאָל דערפון נישט וויסן, אַז איר האַרץ זאָל נישט אויפציטערן. און זי זאַפּט-איין אין זיך, ווי אַ שוואָם, אַלע סודות און צאַפּלענישן פון די

יונגע מיידלשע נשמות און ציטערט איבער זיי, ווי איבער אירע אייגענע...

חוץ-דעם איז זי נאָך שטאַרק צוגעבונדן צו קליינע קינדער. פאַרמאָגט זי טאַקע פיל באַקאַנטע הייזער, וועלכע זי באַזוכט בלויז צוליב די קינדער. און די קינדער זענען צו איר אויך צוגעבונדן און זייער צוגעלאָזט. קומט זי אַריין אין אַזאַ הויז, לויפן איר די קינדער גלייך אַנטקעגן און באַגעגענען זי מיט גרויס פרייד. פאַר יעדערן האָט זי עפּעס אַ גוט וואָרט: פאַר דעם אַ נײַ שפּיל, וואָס זי האָט אַליין צוגעטראַכט, פאַר דעם אַ „רעבוס”, וואָס זי האָט פון אַ קינדער-זשורנאַל אַרויסגענומען, פאַר דעם עפּעס אַן אויסגעמאָלט בילד, אַ קינדער-באַל, און דעם גלאַט אַ קניפּ אין בעקל — הכּלל פאַר יעדערן איז בײַ איר אָנגעגרייט אַ באַזונדער סיורפּריז, וועלכן זי טיילט פאַנאַנדער צווישן די קינדער, ווי אַן עכטער קינדערשער מלאך...

אָבער מער פון אַלץ איז זי איבערגעגעבן די קראַנקע און אומגליקלעכע.

באַגעגנט זי אַזאַ איינעם אין גאַס, צי אין שטוב — וועט זי שוין אים נישט איבערלאָזן אַזוי: זי וועט שוין אי אַ דאָקטאָר איינלאַדן צו אים, אי רפואות באַשטעלן, אי די הונגעריקע עופּעלעך באַזאָרגן. טאָמער איז דאָס נאָך ווייניק, וועט זי זיך באַמיען נאָך אַנדערע צו פאַראינטערעסירן מיט זיין גורל.

הערט זי דערציילנדיק עפּעס וועגן אַן אומגליק, וואָס איז אין ערגעץ געשען, וועגן אַן אומשולדיק-באַעוולטן אָדער געפּייניקטן, פאַרקרימט זיך באַלד איר געזיכט מחמת גרויס צער און פון אירע טרויעריקע צכט-יידישע אויגן קוקט אַרויס אַ גאַנצער ים מיט רחמנות.

שטייט דערביי עמיצער פון די הויזלייט – דער אַלטער פֿאָטער צי די אַלטע מוטער – ערגערט זיי דאָס עגמת־נפש פון זייער קינד; קוקן זיי זיך־איבער האַלב מיט פרייד, האַלב מיט פאַרדרוס און שאָקלען טרויעריק מיט די אַלטע קעפּ:

– „די אַלטע ירושה! קאַפּענע די באָבע אירע, ע"ה, ס'זאָל גאָר פעלן אַ האָר!"...

# צו אַ תּכלית

אַליין שטאַמט ער נישט פון ווילנע. געצויגן האָט אים אַהער, ווי נאָך אַ סך יונגעלייט פון זיין „מהות", דער אַלטער יידישער צענטער פון תורה און השכלה, אייגנטלעך דער מרכז פון דער יידישער ליטעראַטור, אויף וואָס ווילנע האָט שוין פון לאַנג-אָן אַ חזקה. דאָס האָט אים נישט געלאָזט רוען דאָרט ערגעץ אין זיין פערוואָרפענעם שטעטעלע, וואָס האָט זיך פאַר-חלומט צוגעטוליעט ביי די גרויסע פּאָליעסער זומפּן, און האָט אים באַוואויגן ווארפן אַלץ-מיט-אַן-אַנדער און קומען אַהער.

זיין גאַנצער אייגנס, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט, איז באַשטאַנען בלויז פון אַ פּאָר דיקע, געדיכט-אויסגעשריבענע העפטן, וואָס ער האָט געהיט ממש, ווי די שוואַרצאַפּל פון אויג. וויפל געדולד און מי זענען אַוועקגעלייגט געוואָרן אויף אָט די פּאָר העפטן, האָט מען געקענט זען כאָטש פון דעם „כתב", וואָס איז באַשטאַנען פון קליינע רש"י-אותיות, אַזוי קינציק געשריבן, אַז ס'איז געווען שווער צו אונטערשיידן פון אַ געדרוקטן רש"י-טעקסט אין חומש.

אַ באַוואָפנטער מיט אַזוינע אַנטיקן, האָט ער זיך געלאָזט אָפּשלאָגן די שוועלן פון די רעדאַקציעס און פון די פּאָר

„גדולים", וועגן וועלכע ער האָט אַזויפיל געלייענט און געהערט. נאָר אין די רעדאַקציעס האָט מען אים געגעבן אַן איידעלע אָנצוהערעניש, אַז אַזוינע כתבים דרוקן זיי נישט און זיין טרחה איז גאָר אומזיסט; די פּאָר „גדולים", ביי וועלכע ער איז געווען, האָבן זיך אָפּילו אויפמערקזאַמער באַצויגן צו אים און זאָגאר זיינע כתבים איבערגעלאָזט ביי זיך צום דורכקוקן. נאָר אין אַ קורצער צייט אַרום האָט מען עס אים אומגעקערט צוריק מיט אַ מאָדנער קאַלטקייט. איינער נאָר האָט זיך אַ ביסל מער פאַראינטערעסירט מיט אים, האָט זיך נאָכגעפרעגט, צי זיין טאַטע איז אַ „סופר", האָט געקוקט אין הימל זיין זעלטענעם „כתב" און האָט אים פאַרזיכערט, אַז ווען אין ווילנע איז דאָ אַ מיזעאום, וואָלטן זיינע העפטן זיכער אָנגענומען געוואָרן אַהין צוליב זייער זעלטענעם רש"י-כתב.

אָט די גוטע ווערטער, וואָס זענען געזאָגט געוואָרן פון אַזאַ „גדול", דערצו מיט אַזאַ ברודערלעכן טאָן און אויף „דו", האָבן אים אַזוי דערפרייט, דאָס ער האָט פאַר אים אַנטפּלעקט זיין גאַנצע נשמה, אַרויסגעוויזן די גאַנצע גוטמוטיקייט און תמימות, וואָס שפּראָצן ביי די ברעגן פון די „פּאָליעסער זומפּן".

אגב האָט ער זיך פון דעם שמועס דערוואוסט, אַז דער „גדול" איז נאָך אַ בחור—פון דעם נייס איז ער גאָר נשתומם געוואָרן. און צופרידן פון דעם, וואָס ער זיצט אַזוי פשוט מיטן „גדול" און שמועסט מיט אים וועגן אינטימע זאַכן, איז ער ביי זיך נאָכמער דרייסטער געוואָרן.

— קאָלעגע,—האָט ער בתמימות געפרעגט דעם „גדול", — איר ווילט אפשר אַ שידוך טאָן, האָב איך אַ שיועסטער, גאָר אַ וואויל מיידל, מיט נדן, מיט אַ קראָם און פון יחוס אויך...

— אויב זי איז אַזאַ שלימזל, ווי דו, וויל איך נישט,—

האָט אים דער „גדול" אויף בתמימות געענטפערט, און דער ענטפער האָט אים זייער הנאה געטאָן...

פאַרטיק ווערנדיק אַזוי מיט די רעדאַקציעס און מיט די „גדולים", האָט ער הלילה נישט פאַרלאָרן דעם מוט און האָט זיך גענומען זוכן עפּעס אַרבעט.

פונדעסטוועגן האָט ער דעם בטחון צו „געדרוקט זיין" נאָך נישט אינגאַנצן פאַרלאָרן; מערנישט, מ'איז דאָך אַ לעבעדיקער מענטש—מוז מען דאָך האָבן פונוואַנען צו לעבן.

נאָר צו וואָס נעמט מען זיך? אינדערהיים האָט ער שוין אַ היפּש ביסל זאַכן געפּרוווט: אַ מלמד אויפן ישוב געווען, געהאַנדלט מיט פלאַקס אויפן דאָרף, אַרומגעפאָרן און שוין אפילו אַן אַגענט פון זינגערס מאַשינען געווען, נאָר צו קיין זאַך האָט ער נישט געקענט נעמען זיך, ווי דער סדר איז, מיט דעם געהעריקן פלייס און חשק — ער האָט צו קיין זאַך נישט געטויגט, אָדער די זאַכן האָבן אפשר צו אים נישט געטויגט...

דער איינציקער גואל פון אַלע צרות איז געווען דאָס ביסל לשון-קודש, וואָס ער האָט געקענט — ער האָט געלערנט אַמאָל אין אַ גוטן „חדר", האָט פאַרמאָגט — אַזוי האָט מען געזאָגט—אַ גוטן קאָפּ און איז קלאָר געווען אין „ים-התלמוד". ס'רעדט זיך נאָר אַזוי „קלאָר געווען", וואָרום בסך-הכל האָט ער מער, ווי די דריי מסיכתות „חולין", „פּסחים" און „שבת" נישט געלערנט און דאָס אויך האָט ער שוין באַוויזן צו פאַרגעסן, — אלא וואָס, ער איז געווען אַ גרויסער מאַדים אויף „פּסוקים" זאָגן, גאָר אַן אמתער קונצנמאַכער: פלעגט ער שיטן מיט פּסוקים, ווי פון אַ לעכערדיקן זאַק, סיי ס'האָט זיך געפּאַסט, סיי ס'האָט זיך נישט געפּאַסט...

אָט די מעלה זיינע, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פון די

„פּאָליעסער זומפּן", איז אים בײגעשטאַנען צו קריגן אַ פּאָר „אוראָקן": קײן גרױסע גליקן האָט ער אַפילו נישט געמאַכט, נאָר צום לעבן האָט ער שױן געהאַט, װאָרום בעצם איז ער געװען אַ „מסתּפּק במועט".

אין דער פרײער צײט באַזוכט ער די זיצונגען פון די קולטורעלע געזעלשאַפטן.

דאָ האָט זיך פאַר אים געעפנט אַ נײע װעלט. מער פון די רעפעראַטן, זענען אים געפעלן די װיכּוחים, װעלכע הײבן זיך אָן נאָך יעדן רעפעראַט, ער פילט זיך דאָ עפּעס אַזוי הײמלעך, װי אַ שטײגער אין דער אײגענער קלױז פון זײן שטעטל. ס'דאַכט זיך אים אָפטמאָל, אַז אַלע זענען דאָ זײנע נאָענטסטע פרײנט און ער װאָלט אַלעמען זײער פרײנטלעך געדריקט די הענט.

בײ יעדן קופּקעלע איז ער גלײך דאָ, שטעקט אַרײן בײגעריק זײנע קורצזיכטיקע אױגן, און אַ זעלטענע ליבשאַפט שטראַלט אַרױס פון זײנע גוטמוטיקע אױגן.

בעת דער רעפערענט רעדט, פאַרגעסט ער זיך אָפטמאָל, הױבט זיך אױף מיט אַ ליאַרעם פון זײן אָרט און שפּאַצירט איבערן זאַל, נאָר באַלד כאַפּט ער זיך צוריק און זעצט זיך איבער אױף דעם אַנדערן ברעג פון זאַל.

ער האָט אױך שטאַרק חשק צו באַטײליקן זיך אין די װיכּוחים און גרײט זיך שױן אָן במחשבות װאָס צו זאָגן; נאָר קוים גײט ער צו צום טיש, פאַרגעסט ער, װאָס ער האָט געװאָלט זאָגן, טוט-אױס און טוט-אָן די ברילן און בעט ענדלעך אַ גלאָז טײ. דעם עולם געפעלט זײער די המצאה און מ'לאַכט. ער שמײכלט אױך גוטמוטיק און גײט צוריק אױף זײן אָרט.

אָבער מער פון אַלץ ציען-צו זײן אױפמערקזאַמקײט די שײנע טעכטער פון דעם „מין היפה", װאָס ער באַגעגנט אױף

די רעפּעראַטן. ער גלייכט זיי צו אין דער מחשבה צו דער פרומקע פון זיין שטעטל, מיט וועלכער ער האָט אַמאָל אַ ליבע געפירט... נאָר דער פאַרגלייך האַלט ביי אים נישט אויס און ער קוקט מיט גרויס קנאה אויף די גליקלעכע, וואָס האַלטן זיך אַזוי פריינטלעך אונטער מיט זיי.

ער וואָלט בעטן יענעם „גדול", וואָס איז דאַמאָלט מיט אים אַזוי פריינטלעך געווען, ער זאָל אים דאָ באַקענען מיט וועמען. האָט ער עפּעס מורא – ער זיצט דאָרט אויבנאָן ביים טיש צווישן אַזעלכע „גדולים".

גייט ער אַוועק אַן אומעטיקער צו זיך אויפן קוואַרטיר.

אין זיין קליינעם צימערל טראַכט ער וועגן דער גרויסער ווילנע און אירע „גדולים".

# אויף אַ „דאַטשע-קוואַרטיר“

(אַ מאָנאָלאָג)

די בעסטע צייט פאַר מיר אין ווילנע איז זומער. קומט זומער, ווער איך גאָר אַן אַנדער מענטש, ממש אַ נייע הויט ציט זיך אָן אויף מיר,—כ'טאַנץ, כ'שפּרינג און וואָלט פאַר פרייד די גאַנצע וועלט אַרומגענומען. וואָרום — זאָגט אַדרבה — וואָס זנאַטשעט אַזאַ פאַרשוין, ווי איך, אַ גאַנץ יאָר, ווער קוקט זיך דאָס גאָר אום אויף מיר, אַז סך-הכל בין איך... אַדרבה, זאָגט וואָס בין איך? איך זאָל אַזוי נישט וויסן פון קיין שלעכטס, ווי איך ווייס נישט וואָס איך בין...

צייט די מלחמה האָב איך פאַרגעסן מיין אמתן טאַלאַנט: פאַר די דייטשן בין איך פּלוצלונג אַריינגערעכנט געוואָרן אין דער קאַטעגאָריע „ליידיק-גייער“ און מ'האָט מיך מכבד געווען במחילה צו גראָבן „אָקאָפּעס“; נאָכדעם, אַז כ'האָב פון דאָרטן געמאַכט אַ „ויברח“ און בין אָנגעקומען אָן אַ פּרוטה אין קע-שענע קיין מאָסקווע, בין איך אָנדערטהאַלבן יאָר געשטאַנען אויף דער „אילינקע“ און האָב מיט נאָך אַ סך יידן פון מיין גלייכן געהאַנדלט מיט פּאַפּיראָסן, מיט נאָדלען, מיט קאָקאַאין, און נישט צו פאַרזינדיקן — געמאַכט דערפון די מטבע. דאַרף

גאָט טאָן אַ נס און מאַכן אַן איבערקערעניש אין רוסלאַנד, בין איך פון דאָרט קוים פּרויס בשן-ועין... קוים מיט צרות, מיט יסורים צוריק דערשלעפּט זיך ביז ווילנע, האָבן גוטע-פריינט רחמנות געהאַט און מיך איינגעאָרדנט אין קהלה — אַפריער ביי אַ קיך, און נאָכדעם אָנגעטרויט מיר שוין אַ גאַנצע קראָם... פון דער קראָם האָט זיך אינגיכן אויסגעלאָזט אַ רויך און איך בין מגולגל געוואָרן אין אַ שניט-געשעפט, טאָקע צו אַ ידיד מיינעם—צוזאַמען אויף „אילינקע” געשטאַנען;— אלא וואָס—ער האָט אַ קאָפּעטשקע מער מזל געהאַט ווי איך..

הקיצור, אַפריער גאָט און נאָכדעם דער געוועזענער „שותף” מיינער, האָב איך באַקומען אין האַנט אַריין אַ פּאָר דיקע כּפול-שמונהדיקע ביכער און שרייב פון אינדערפרי ביז אין דער נאַכט מיין „שותפס” פינף-און-צוואַנציק-גאָרנדיקע ציפער... ציפער אַהין, ציפער אַהער, כּסדר ציפער...—ווען איך פאַרמאָג כאָטש אַ הונדערט-חלק פון די ציפער, וואָלט איך געווען קורח-רייך... וואו נעמען זיך דאָס, גאָט מיינער, אַזויפיל ציפער? מילי-מיליאַסן, מיליאַרדן ציפער—אַן אוצר, וואָס נעמט זיך גאָר נישט אויס... דאַכט זיך, צוזאַמען אויף דער „אילינקע” געשטאַנען, און דאָך... אָן מזל זאָל מען גאָרנישט געבאָרן ווערן!...

די איינציקע טרייכט מיינע איז, אַז כ'קום פון געשעפט צו זיך אין מיין קליין צימערל — דעמאָלט לעב איך ערשט אָפּ. איך צי זיך אויס, ווי איך בין גרויס, אויף מיין סאָפקע, פאַרוואַרף די פיס אויף דער אויבערשטער פּלאַנקע און הויב אָן צו פאַנטאַזירן. פאַנטאַזיר איך מיר פון 2 זאַכן: ראשית פון אַ דאַטשע-קוואַרטיר, און צווייטנס — פון מיין חאַנטשען; אָדער פאַרקערט: ערשטנס פון מיין חאַנטשען, און צווייטנס — פון אַ דאַטשע-קוואַרטיר.

אַ גאַנץ יאָר קום איך אָפּ ב״ה אין אַ צימערל די גרויס ווי אַ גענעץ; ווער רעדט נאָך, אַז ס׳קומט אַמאָל אַריין אַ באַקאַנטער, איז דאָך גאָר נישטאָ וואו אַ קער צו טאָן זיך... מילא, וואָלט עס נאָך נישט אויסגעמאַכט, איז אָבער אַ צרה מיט ווילנער בעל־הביתטעס: זייער באָבעס דאגה איז — ווער ס׳גייט צו מיר. עפנט זיך נאָר די טיר, זענען „זיי״ גלייך דאָ: ווער איז ער, און ווי לאַנג איז ער געזעסן, און וואָס טוט ער?

איבערהויפּט אָבער האָבן זיי זיך איינגעגעסן אין מיין חאַנטשען: קומט זי נאָר אַריין צו מיר, הויבן זיי זי אָן גלייך נאָכצושפּירן: „וואָס טוט אַזאַ בעל־הבתיש קינד אַזוי שפּעט ביי אַ בחור...״ „ווייי איז מיר, ווען די מוטער זאָל חלילה וויסן...״

הקיצור, וואָס זאָל איך אייך לאַנג מאריך זיין — כ׳האָב קיין רואיקע מינוט נישט פון זיי: קום איך צו חאַנטשען — נעמט פון אונדז איר מאַמע די אויגן נישט אַראָפּ; ביי מיר — די בעל־הביתטע.

קומט אָבער זומער, און דער עולם הויבט זיך אָן קלייבן אויף דאַטשע, ווער איך גאָר ווי ניי־געבאָרן. איך וואָלט, דוכט זיך, אַלעמען צוגעוואונטשן אַ „פּאָרט געזונט!״ — ווייפל איך האָב באַקאַנטע אין ווילנע, זענען אַלע מיט מיר פאַרנומען, אַלע טראַכטן פון מיר: „איר וועט זיך אפשר אַריבערקלייבן צו אונדז אויף דירה? נאָך שבת פאָרן מיר אַרויס אויף דאַטשע״. הלואי וואָלטן אַלע ווילנער גבירים אַ קיילעכדיק יאָר אויף דאַטשעס געזעסן, וואָלט זיך גאָר נישט געשפּירט אַזאַ דוחק אין דירות... פון אַלע זייטן באָט מען מיר אָן די בעסטע דירות — אויף סטעפּן־גאַס, אויף פּאָגוליאַנקע, אויף שאָפּענאָווסקע, און וואו איר ווילט נאָר אַליין. אַזוי איז אַלע זומער, אַזוי איז

אויך געוועזן היינטיקן זומער... דאָסמאָל האָט זיך צו מיר צו-געטשעפּעט מיין בעל-הבית:

— פאַני פינגרוּט, וואָס דאַרפט איר זוכן פרעמדע דירות, אַז איך גיב אייך אָפּ מיין דירה, אין רעכטן צענטער, שאַ, איר ווייסט דאָך...״ אַ קליינינקייט, צי ווייס איך מיין בעל-הביתס דירה? — אַ פּאַלאַץ, נישט קיין דירה, ווי איך בין אַ ייד!..

הקיצור, וואָס זאָל איך אייך לאַנג ברייטן, איך האָב געכאַפּט מיין טשעמאָדאַנטשיק מיט מיין קישן און בין אין אַ גוטער שעה מגולגל געוואָרן אויף מיין דאַטשע-קוואַרטיר... איך ציִ זיך אויס בהרחבה אויף דער אָטאָמאַנקע און פיל פּשוט אַ חיות אין אַלע גלידער. ערשט — מ׳קלינגט... ווער קען דאָס זיין? כ׳עפן-אויף — ס׳איז אַ פרוי, מיט איר אַ ייד אַ טרעגער מיט עפּעס מאַשינען...

— דאָ איז לאָקשינס וואוינונג? — דאָ. די מאַדאַם לאָקשין האָט עס מיך געשיקט אַהער. — כ׳בין אַליין אַ זאָקן-מאַכערין— דערציילט מיר די פרוי — האָט מיר די מאַדאַם דערלויבט אויף דער דאַטשע-צייט אַריבערצוטראָגן מיין „מאַסטערסקאַיאַ״ אַהער... פאַרשטייט איר מיך — איז זי מיט מיר שוין גאָר אַ גאַנצער שמעלקע געוואָרן — מיין מאַן איז אַ מלמד, — ס׳לערנען זיך ביי אים די מאַדאַמס קינדער. איז ער אָבער, נישט פאַר אייך געדאַכט, אַ שוואַכער און קען די קלאַפּעריי פון די מאַשינען נישט אַריבערטראָגן...

ווען מיר עפנט זיך דאָ פלוצלונג אַ גרוב, וואָלט איך זיך איבער באַגראָבן זיך אַ לעבעדיקער. נאָר גיי שריי צו גאָט — פאַרפאַלן!.. דאָס ווייבל האָט אַפילו חשק געהאַט פאַנאַנדערצוּ-לייגן זיך אין קאַבינעט, נאָר דאָ האָב איך זיך געשטעלט שטאָל-און-אייזן פאַר מיין „אָטאָמאַנקע״ און האָב זי משלח געווען

מיט אירע מאַשינעס אין „סטאָלאָווע״. באַלד זענען טאַקע גע-קומען צו איר אַ האַלב טוץ מיידלעך און מ׳האָט אָנגעהויבן טראַסקען און קלאַפּן מיט די מאַשינעס, אז כ׳האָב געמיינט כ׳ווער משוגע.

הכלל, קוים דערלעבט די נאַכט — ס׳איז פינסטערלעך געוואָרן, און די מלמדיכע מיט אירע מיידלעך זענען אויך אַהיים אַוועקגעגאַנגען. ערשט מ׳קלינגט ווידער. — דאָס איז זי, מיין חאַנטשע, — איז מיר אַ פריילעכער געדאַנק דורכגעלאָפן און איך בין הענדום-פּענדום געלאָפן עפענען די טיר.

— מזל-טוב! שקאָצל קומט!

דאָס איז ער, מיין בעל-הבית בכבודו ובעצמו. ער איז געקומען, פאַרשטייט איר מיך, אָפּצורוען זיך פון דעם דאַטשע-האַרמידער, האָט זיך אויסגעצויגן אויף מיין אָטאָמאַנקע און שמייכלט צו מיר אַזוי כוואַטיש, גאָר ווי אַמאָל, להבדיל, אויף דער „אילינקע״, ווען מיר האָבן נאָך בשותּפות געהאַנדלט:

— וואָס זאָגט איר, פּאַני פינגרוט, ס׳איז דאָ נישט שלעכט. אַ כפּרה די דאַטשע! הערט איר דאָך, מיין פלוניתטע איז „פּעפּערזיכטיק״... זי וויל נישט, איך זאָל נעכטיקן אין שטאָט — און איך נעכטיק דוקא... „פּאַני פינגרוט, — האָט ער זיך צו מיר מיט אַ פאַרשייט שמייכעלע געווענדעט, — און ווי זייט איר זיך אַ שטייגער נוהג, אַז איר בלייבט איינער אַליין אויף דער נאַכט איבער אַ גאַנצער דירה?..״

תּוך-כּדי-דיבור עפנט זיך די טיר, און מיין חאַנטשע איז דאָ... ווי מיר איז געוואָרן אויפן האַרצן, זאָל איך אייך בעסער נישט דערציילן. אַ גרויסער צער-בעלי-חיים איז אָבער געווען צו קוקן אויף מיין חאַנטשען — אַ שענערע לייגט מען אין קבר; זי האָט זיך אָנגעצונדן ווי אַ צונטער, אַלע קאָלירן האָבן

זיך אין איר געביטן אונטער די נייגעריקע, פרעכע בליקן פון מיין בעל־הבית... אַ צעקלעמטע האָט זי זיך שנעל אָפּגעזעגנט, און פון דעמאָלט אָן איז זי, ווי אין וואַסער פאַרשוואונדן...

הק־צור, לאַנג בין איך אויף דער דירה נישט געבליבן, און כ׳האָב זיך פון איצט אָן געגעבן דאָס וואָרט מער אַ דאַטשע־קוואַרטיר נישט נעמען, כאָטש צאָלט מיר צו!..

# אונדזער מאַי־יום־טוב

(זכרונות פון די קינדער־יאָרן)

גליקלעכע קינדער־יאָרן – וואו זענט איר, וואו זענט איר? זומער־לעב.

די גרויע וואָלקנס פון הימל ווערן ביסלעכווייז אַנטרונען, און די זון ווערט באַפרייט פון דעם גרויען נעץ און גיט אַ שאָט־אַראָפּ מיט בונטן שטראַלן אויף דער ערד.

און גלייך שיטן אַרויס אויפן גאַס מענגעס קינדער, לוס־טיקע מאַיאָווע קינדער, מיט רויטע סטענגעס אין די האָר־לאָקנס. די קינדער טאַנצן און צוויטשערן, ווי די לוסטיקע פויגעלעך פאַר זון־באַגינען. די קינדער האַלטן אין די מיילכעלעך לאַנגע פאַסן דופטיקן שמעקעדיקן אַייאיר – שבועות־גרינס און פאַר־הילכן די גאַס מיט זייער לוסטיקן קאָנצערטירן אויף די אימפּראָוויזירטע מוזיקאַלישע כּלים, וואָס זענען פון גרינס געמייסטערט געוואָרן. און אָט די צוויטשערייען דרינגען אַריין עפּעס מאָדנע טיף אין האַרצן און וועקן דאָרט פאַרשידענע געפילן און ערינערונגען.

איך דערמאָן מיך, אַז איך האָב אויך אַ לוסטיקע קינד־הייט געהאַט, אַ זאָרגלאָזע, דאָרט ווייט אין מיין ליבן שטעטל. ערב שבועות.

מיטן באַגינען זענען מיר, קינדער, שוין אַרויס פון שטאָט. מיט פריילעכע קולות און געררויש לאָזן מיר זיך אין דער לענג טייכל, דאָרט צו יענער זייט מיל, — קריכן ביזן האַלדז אין וואַסער, זינקען ביזן גאַרטל אין דעם ווייכן, קלעפּיקן,ליימיקן גרונט, כּדי צו באַקומען דעם גרינס-אייאיר אויף שבועות.

ווי די זיגער, קערן מיר זיך נאָכדעם צוריק אין שטאָט אַריין מיט פולע הויפנס גרינס. אויפן וועג קלויבן מיר אָפּ די „בחירים” — די לענגערע און דופטיקערע — און מיר גייען מיט הויך-פאַרריסענע קעפּ און שפּילן אַ לוסטיקן מאַרש.

אין שטעטל שפּרינגען מיר אַריין מיט געשרייען און געטומל — דער וועג הינטער אונדז בלייבט אויסגעבעט מיט דעם גרינס, וואָס מיר האָבן אונטערוועגס אָנגעוואָרן.

די שול איז אָפן אויף אַלע פענסטער, פון וועלכע ס'טראָגט זיך אַ דופטיקער ריח פון אייאיר. דאָס האָט זיך דער שמש מקדים-געווען און נאָך פריער פון אונדז אַריינגענומען דעם שבועות-גרינס אין שול.

...איך בעט-אויס די שטוב מיט דעם געבראַכטן גרינס און כאַפּ דערוויילע אַ קוק אין קיך אַריין. ס'גיט מיר גלייך אַ זעץ אין נאָז אַריין דער ריח פון די פוכיקע „פלעצלעך”, זעמעלעך און אייער-קוכנס, וואָס די מאַמע האָט לכּבֿוד שבועות אָנגעבאַקט. ס'ציט מיך אַזוי צו די שיינע, אין אַלערליי פאָרמען אויסגעטאָקטע, צוקער-געבעקס, נאָר איך בין מיר גובֿר, וואָרום איך ווייס, אַז דער שבועות הויבט זיך ערשט אָן...

אַך, וויפל פאַרגעניגן, וויפל פרייד ס'שטייט נאָך פאָר!

מאָרגן, דעם ערשטן טאָג שבועות, איז ביי אונדז אַ „מאַיאָווקע”. קינד-און-קייט וועלן אַרויסשיטן אויסן שטאָט אין

דעם דערבייאיקן וואַלד, ביים זויבערן קלאָרן טייכל, און וועלן פּראַווען מאַיאָווקע. גלייך נאָך מיטאָג וועט שוין דאָס גאַנצע שטעטעלע אויף די פיס זיין — קליין און גרויס, יונג און אַלט— אַלע וועלן אין דער פרילינגס-פּראָצעסיע אָנטייל נעמען: פאָרויס די מצנער מיט די קינדער אויף די הענט, הינטער זיי די פרויען מיט ווייסע שאַלן אויף די פלייצעס — רוּאיקע, יום-טובדיקע, אָן די זאָרג און דאגות פון אַ גאַנץ יאָר...

מיר, קינדער, וואָס קענען שוין אַליין אונדזער וועלט באַשטיין, לויפן, ווי די יונגע לאָשעקלעך, אָנגעלאָדענע מיט קוישעלעך און מיט כל-טוב — דאָס האַרץ צו דערקוויקן.

...נאָכדעם איז דוד המלך׳ס יאָרצייט. די גאַנצע נאַכט וועלן מיר צוגלייך מיט די גרויסע אויף-זיין און זאָגן תהילים, און אונדזערע יונגע, צאַרטע קולכעלעך מיטן צופנדיקן ניגון וועלן זיך אַ פּראַל-טאָן דורכן פענסטער פון דעם קליינעם שולכל אינדרויסן און וועלן זיך דאָרט אויסמישן מיט די לוס-טיקע געזאַנגען און צוויטשערייען פון די זאָרגלאָזע פויגעלעך.

נאָכדעם וועט מיין רבי — אַ שיינער ייד פון מיטעלען וואוקס מיט רויטלעכע באַקן, קלאָר-ווייסן ברייטן שטערן און שוואַרצער בכבודיקער באָרד — דערציילן שיינע וואונדערבאַרע מעשיות פון דוד המלך׳ס גבורות, פון זיין לעבן און פון זיינע מדות טובות, און מיד ווערנדיק צו דערציילן די לאַנגע מעשיות פון דוד המלך׳ס לעבן, וועט ער אַ וויש טאָן דעם גרויסן שטערן, אויסגלאָצן זיינע טריבע, פאַרטראַכטע אויגן און מיט אַ זיסן בנעימותדיקן קול נעמען זינגען דוד המלך׳ס ניגון. זיין צאַרטע, עטוואָס ציטערדיקע שטימע מיט דער נאָגנדיקער מעלאָדיע צעגייט זיך איבער אַלע גלידער, וועקט ביי אַלע-מען התרוממות-הנפש — און די גאַנצע עדה יידן כאַפּט-אונ-טער דעם אומעטיקן ניגון...

דער ניגון וואַקסט און צעשפּרייט זיך, שפּאַרט־אָן אין די אָפּענע פענסטער, שטייגט העכער און העכער און ווערט באַלד פאַרוואַנדלט אין אַ ליבּ־געזאַנג, אין אַ פייערלעכן הימן דער נאַטור־אויפוואַכונג, דעם מאַיעסטעטישן יום־טוב פון אונדזער מאַי.

גליקלעכע קינדער־יאָרן—וואו זענט איר, וואו זענט איר?

# אַ דיבוק

שבת-צו-נאַכטס. אין שטוב איז שטיל און טונקל. לייכטע שאָטנס שוועבן-אַרום געהיימניספול אין חלל פון טונקעלן צימער, שפּרייטן זיך אויף די ווענט און וואַרפן-אָן אַ מרה-שחורה אויף אונדז, קליינע קינדערלעך. מיט צאַפּלדיקע הערצעלעך און ברייט-פאַנאַנדערגעעפנטע אויגעלעך טוליען מיר זיך צו נענטער צו דער באָבעס שויס און שטעלן-אָן אונדזערע אויערלעך פאַר די וואונדער-שיינע מעשהלעך, וואָס די אַלטע באָבעניו וועבט אינדערשטיל. די שאָטנס לויפן-זיך-צוזאַמען, באַהעפטן זיך, ווערן געדיכטער און פילן-אָן דאָס צימערל מיט אַ פירכטערלעכן שווייגן, — ס׳שיינט, ווי זיי וואָלטן אויך געקומען הערן דאָס שטילע מורמלען פון דער אַלטער באָבעניו.

* *

... ס׳איז געווען אַמאָל-אַמאָל, בעת „ער", ז"ל, האָט געלעבט... איבער דער גאַנצער יידישער ווילנע האָט נאָך דאַן געהויכט דער לעבעדיקער אָטעם פון גאון, ז"ל, וואָס איז אין שול-הויף אויף אַ סאַלקע ביי די אַלטע ספרים געזעסן.

... אימהדיק איז דער ערב-יום-כפור. אַ ציטער נעמט-דורך אַלע יידן אין דער גאַנצער וועלט—פאַרן יום-הדין.

אָבער דאָפּלט שוידערלעך און גרויליק איז דער יום-הדין אין דער יידישער ווילנע — אין אירע אַלטע, קרומע געסלעך און זאַוואולקעס...

אַ שווער יאָר געווען—זאָל גאָט שומר ומציל זיין! אַלע מחבלים און „נישט-גוטע" האָבן זיך אָנגעזעצט אויף דאָס פאָלק ישראל, כדי אומצובריינגען עס פון דער וועלט, און ווילנע איז נאָך דאַן דאָס האַרץ געווען פון יידישן פאָלק — האָט עס, ווי אַ שוואָם, איינגעזאַפּט אין זיך גאָר דאָס יידישע פּיין און טרערן און נישט געשטומט, חלילה, ווי אַ שטיין, ווען אַרום האָט טייכנווייז יידיש בלוט געראָנען...

און אַ ציטער האָט אַדורכגעדרונגען דאָס יידישע האַרץ און געבלוטיקט און גענאָגט פאַר כלל-ישראל...

... שטיל זענען יידן דאַן פון מנחה געקומען. אינדערשטיל—ס'זאָל חלילה קיין איבעריק וואָרט נישט פאַלן—האָט מען די „סעודה המפסקת" אָפּגעגעסן.

שנעל האָט מען זיך אָפּגעפּטרט מיטן חומר, מיט דער אכילה, פאַרבראַכט מער אויף אַ ברכה, ווי אויף אַ ביסן, פאַרזוכט נאָך אַ פרי—דער עיקר ס'זאָל נאָך אַ ברכה צוקומען—צו ממלא זיין די „הונדערט ברכות"...

אַרויפציענדיק אויף זיך דעם שניי-ווייסן קיטל מיטן טלית, האָט מען זיך איינער דעם אַנדערן געבענטשט, די פּאַמיליע געבענטשט, אַלע פיר איינקלעך געבענטשט און בהיפזון צוריק אין שול אַריין געלאָפן...

אַ פּירכטערלעכע שטילקייט ליגט אויסגעגאָסן אין גאַס. פון אַלע פענסטער אַרויס ציטערן קליינינקע פלעמעלעך און פינקלען שטילע אין געהיים.

פון מאָל צו מאָל ברענגט דאָס לייכטע ווינטל פון ער-געץ-וואו אַ פאַרבלאָנדזשעטן זיפץ פון אַ פאַרביטערטער נשמה און שיטערט-אויף אויף אַ רגע די פאַרגליווערטע לופט, נאָר גלייך ווערט עס ווידער אַלץ פאַרשטומט...

און שטיל און פאַרטראַכט האָט זיך די הערבסט-זון גע-טונקט אין מערב-זייט, פּאַוואָליע געזעגנט און איבערגעלאָזט נאָך זיך גרויע נעפּלען און שאָטנס.

פול מיט אימה און זאָרג האָט די ווילנער עדה געוואַרט אויפן יום-הדין און מיט יראת-הכבוד געגרייט זיך צו בעטן רחמים פאַר זיך און פאַר כל-ישראל.

קיין עלנט דאַן האָט נאָך אָבער די ווילנער עדה נישט געפילט — ניין, זי איז חלילה נישט עלנט געווען —

נאָענט דערביי, אין שול-הויף, האָט דאָך פאַר די אויגן געשיינט די ליכטיקע געשטאַלט פון רבינו אליהו — —

ביי זיין טייערן לעבן האָבן די ווילנער יידן אַ גרויסן צד אין הימל. און טיף אין הארצן האָט ביי אַלעמען געגליט אַ שטאַרקער בטחון, אַ זיכערקייט עפּעס, אַז „ער״ וועט שוין פון אַלדאָס ביין באַשירעמען...

און פאַרטיפט אין שווערע רעיונות, שטראָמען פון אַלע קאַנטן און זאַוואוקעס גאַנצע שורות עלטערע און יונגע יידן, אין טליתים און קיטלען, פרויען און קינדער, איילנדיק זיך צום שול-הויף, נעענטער צום סאַלקע פון גאון ז״ל—נעבן אים און אַרום אים—גאָט צו בעטן...

און אָט איז שוין דער שול-הויף אויך... זיינע אייזערנע מאַסיווע טויערן זענען באַלאַגערט פון אַ גרויסער עדה יידן, וועלכע רוישן און הוידזשען עפּעס מיט טויזנטער קולות, ווי אַ כוואַליענדיק-אופגעצאָרנטער ים...

— וואָס איז געשען? — פרעגן הונדערטער ציטערנדיקע

שטימען, און איינער קוקט מיט שרעק אויפן אַנדערן, וועלנדיק פון צווייטנס פּנים איבערלייענען די סיבה פון דעם רעטעניש-פולן געשעעניש

און געשען איז דאַן אָט-וואָס:

בשעת נאָך די ערשטע מקדימים זענען געקומען צום טויער פון שול-הויף, האָט זיך פּלוצלונג, ווי אַ „נישט-גוטער" ר"ל, פון ערגעץ אָפּגעריסן גאָלדע די משוגענע מיט אַן אויס-טערליש ווילדן געברום און האָט וואָיענדיק, ר"ל, ווי אַ הונט, אויסגעשפּרייט זיך חוה-נאַקעט ביים פּערטל פון טויער, פאַר-צאָמענדיק מיט איר נאַקעטן מיידלשן גוף דעם אַריינגאַנג אין שול-הויף...

דערשטוינטע פון שרעק און טיף פאַרשעמטע האָבן די גרייז-גרויע יידן אָפּגעקערט דעם צלם קאָפּ פון דער חצופה, וועלכע האָט מיט אַ פאַרשייט געלעכטער זיך געקאָרטשעט און געגרילצט...

... דער געזעמל ביים טויער ווערט אַלץ געדיכטער און געדיכטער: מיט יעדער רגע קומען-אָן אַלץ נייע און נייע מנינים יידן, איינגעוויקלט אין טליתים און קיטלען און מיט נשמה-ליכט אין די הענט. און אַלע בלייבן שטיין פאַרשטאַרט ביים טויער, נישט קענענדיק זיך רירן פון אָרט...

פּאַסן אַנדערע מוט און פּרווון דורכצולייגן זיך אַ וועג איבער דעם נאַקעטן מיידלשן קערפּער, ווערט נאָך ווילדער און מאוימדיקער דאָס וואָיען פון מיידל און זי וואַרפט זיך, ווי אַ פאַרצוקנדיקע חיה, אויף דעם דרייסטן — אָט-אָט, דאַכט זיך, וועט זי אים קורע כדג זיין...

און אַן אימה באַפאַלט אַלעמען פון קליין ביז גרויס, אַ קאַלטער שוידער לויפט-דורך איבער אַלע אברים, און די גאַנצע עדה יידן וואַרפט זיך צוריק פון טויער...

— נישט אַנדערש, אַ דיבוק איז אַריין אין דעם מיידל, אַ קליפּה ר״ל... פּאַרוואָס קומט עס אונדז, גאָטעניו, אַזאַ שטראָף?

און אינדרויסן ווערט וואָס ווייטער אַלץ טונ-קעלער. די שקיעה איז אויך לאַנג פאַרביי—און קיין סוף זעט זיך נאָך אַלץ נישט...

— רבש״ע! מ׳זאָל חלילה דעם „כל-נדרי״ נישט פאַר-שפּעטיקן!..

— אַ שלעכטער סימן איז עס, — האָט זיך אַ פאַרצווייפל-טער געמורמל געהערט צווישן גרויסן עולם, — דאָס שטראָפט ער אונדז פאַר אונדזערע זינד!—אָבער גלייך האָבן זיך אַלע-מענס אויגן געווענדט אין יענער זייט, וואו דעם גאונס סאַלקע האָט זיך געזען, און די הערצער זענען פול געוואָרן מיט בטחון: מסתמא וועט „ער״ שוין אַלץ רעכט-מאַכן...

... און טאַקע באַלד האָט עמעצער דורך אַ הינטער-וועגל געגעבן צו וויסן וועגן דעם דעם גאון.

ווי אַ העלישער בליץ וואָלט זיך דורכגעשניטן איבער אַלעמענס קעפּ, ווען פון דער אויבערשטער סאַלקע האָט זיך פלוצלונג באַוויזן די ליכטיקע געשטאַלט פונם גאון ז״ל, איינ-געהילט אין טלית-און-קיטל.

ווי אַ סנאָפּ ליכט האָט אַרויסגעפּראַלט אויף דרויסן פון דעם אויבערשטן סאַלקע-פענסטערל דעם גאונס דורכדרינגנדער בליק און ביי אַ טויט-שטילקייט פון דער גאַנצער עדה יידן האָט, ווי אַ בת-קול, אָפּגעקלונגען דעם גאונס שטימע פון דער הויך:

— גאָלדע בת ר׳ אברהם! כ׳בין גוזר אויף דיר, דו זאָלסט תיכף-ומיד פאַרדעקן דיין ערוה און אָפּלאָזן דעם וועג פאַר דער עדה, וואָס גייט אין שול!..

און אזוי איז געווען:

גאָלדע האָט זיך ראַשיק אויפגעהויבן פון דער ערד און, פיבערנדיק פאַר קעלט, שנעל איינגעוויקלט זיך אין אירע שמאַטעס און אָפּגעלאָזן דעם וועג...

... דאָס מיידל — זאָגט מען — איז פון דעמאָלט אָן געזונט און שטאַרק געוואָרן.

די ווילנער יידן האָבן זיך אויך געפּילט גאָר תּקיפער און זיכערער אין יענעם יום-כּפּור — —

— — מיט זיי, מיט אַלעמען, אין איין שול-הויף, איז דאָך דאָ אויך דער גרויסער ליכטיקער רבינו אליהו...

# דער סוֹד פוּן אַלטן פּעלד

דאָס איז געווען קורץ נאָך דער פּטירה פונם ווילנער גאון רבינו אליהו זצ"ל.

ווילנע איז נאָך איינגעהילט געווען אין טיפן טרויער. יידן זענען אַרומגעגאַנגען ווי אבלים, זענען געלאָפן אַלע אינ־דערפרי און אין אָוונט אויפן שול־הויף, אין חסידס קלויז — אָט דאָרט, וואו ס'האָט נאָך געשוועבט דער גייסט פונם ווילנער חסיד און וואו יעדעס ווינקעלע, יעדער חפץ האָט אַזוי לעבע־דיק דערמאָנט אָן דעם „מאור הגדול"...

אין די אויערן האָבן נאָך אַזוי פריש געקלונגען די בנעימותדיקע ניגונים פון דעם גרויסן תלמיד־חכם און עניו, ס'האָט זיך נאָך געפילט זיין וואַרעמער אָטעם און, פאַרטיפנדיק זיך אַמאָל ביים דאַווענען, האָט זיך נישט־זעלטן געדאַכט, אַז מ'הערט דאָ דאָס הייליקע פליסטערן פון זיין שטים, דעם שטילן ציטער פון זיין אַרויפגעהויבענעם טלית איבערן קאָפּ און די אָפּבילדונג פון זיין שאָטן אויף דער קעגנאיבערדיקער וואַנט פון ארון־קודש...

דער וואונדערלעכער דמיון פלעגט אָבער שנעל פאַר־שווינדן, ווי נאָר מ'פלעגט זיך אומקוקן אויף דער ליידיקער

„שטאָט״ ביים ארון־קודש און אויף דעם פּאַריתומטן שטענדער, וואו ס׳איז געלעגן אומבאַרירט דער אָפּענער ספר, אין וועלכן דער חסיד האָט נאָך אַ רגע פאַר יציאת־הנשמה געלערנט, און די ווייסע גענזן־פּעדער, וואָס האָט אומהיימלעך אַרויסגעשטאַר־טשעט פונם אויסגעטריקנטן טינטער...

גלייך נאָכן דאַוונען פלעגט דער עולם, אויפן ניכטערן האַרצן, אַוועקלויפן אויפן אַלטן פעלד – דאָרט, וואו ס׳האָט אונטער די געהיימניספולע שאָטנס פון די הונדערטיאָריקע בוימער גערוט דער חומר פונם הייליקן חסיד, – כּדי אין זיין סביבה צו הייליקן דעם גייסט, צו כּשרן די נשמה, איידער מ׳גייט אַריינוואַרפן זיך אין גשמיות פון דער אַלטעגלעכער וואָכעדיקייט...

דער עולם האָט בחיפּזון געלייגט קוויטלעך אויף דעם פרישן בערגל פון חסידס קבר און אין איילעניש געלאָפן צוריק אין שטאָט אַריין...



די פּטירה פונם ווילנער גאון האָט אויפגערודערט אויך דעם קריסטלעכן טייל פון דער ווילנער באַפעלקערונג. אומעטום האָט מען אַ סך געשמועסט וועגן דעם ריזן־גייסט פונם גרויסן חסיד און געלערנטן, מיט וועלכן ס׳האָט געקלונגען אין יענער צייט גאַנץ פּוילן, דייטשלאַנד און ליטע. איבערהויפּט האָט מען זיך נישט געקענט אָפּוואונדערן פון זיין חכמה און גאונות אין מאַטעמאַטיק; וועגן דעם האָבן אפילו גערעדט די פּראָפעסאָרן

פון דער דאַמאָלסטיקער ווילנער אוניווערסיטעט אין זייערע לעקציעס פאַר די סטודענטן. צווישן די לעצטע זענען איבער-הויפּט פּאָפּולער געווען דעם גאונס מאַטעמאַטישע אויפגאַבן און איינפאַלן, איבער וועלכע נישט איינער האָט געבראָכן דעם מוח און נישט געקענט געפינען זייער באַשייד.

און זוכנדיק אַזוי אַמאָל אַ באַשייד אויף אַ מאַטעמאַ-טישער חכמה פונם גאון, איז איינעם אַ סטודענט פּלוצלונג איינגעפאַלן אַ געדאַנק, אַז ס'וואָלט גוט געווען אויסצוגראָבן דעם שיידל פונם פאַרשטאָרבענעם גאון, כדי צו דערגיין דעם מקור, פונוואַנען ס'שטאַמט אַזאַ גוואַלדיקע חכמה. דער געדאַנק איז אין דעם סטודענטן-קרייזל אויפגענומען געוואָרן מיט באַ-גייסטערונג, און ס'איז באַשלאָסן געוואָרן אין דער ערשטער פּסח-נאַכט, ווען אַלע יידן זיצן ביים „סדר", אויסצופירן דעם דאָזיקן פּלאַן...



ווען אַלע ווילנער יידן האָבן זיך אָקאָרשט געזעצט צום סדר-טיש, האָבן אַ גרופּע סטודענטן מיט רידלעך, באַהאַלטן אונ-טער זייערע מלבושים, זיך געגנבעט דורך די הינטער-געסלעך אין דער ריכטונג צום יידישן פעלד. ווי געהיימניספולע שאָטנס האָבן זיי זיך געשלייכט איבער דעם צעשמאָלצענעם שניי, זינקענדיק ביזן גאַרטל אין טיפער בלאָטע. די יונגע לייט האָבן זיך שוין אויסגעשלאָגן פון די כוחות, זוכנדיק דורך

הינטער־שטעגלעך דעם וועג צום פעלד, זיי האָבן שוין געהאַט חרטה אויף דעם גאַנצן עסק, אָבער די יונגע גאווה האָט זיי נישט דערלאָזט אויפצוגעבן זייער פּלאַן...

אָט זעען זיי שוין פונווייטן דעם טויער פון פעלד, אָבער ס'אַר'א טשעקאַווע זאַך – וואָס נעענטער זיי קומען צום טויער, אַלץ מער דערווייטערט ער זיך פון זיי...

אַ געפיל פון שרעק און אומהיימלעכקייט האָט אַרומגענומען די יונגע לייט און אַ קאַלטער שווייס האָט באַדעקט זייער לייב.

זיי האָבן גענומען האַסטיקער לויפן, אומפאַלנדיק יעדער ווײַלע איבער די קופּעס שניי, וועלכע זענען נאָך געלעגן אויפן פעלד. צולויפנדיק מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם האַרט צום פאַרשלאָסענעם טויער פון פעלד, זענען זיי, ווי פאַרשטיינערטע, געבליבן שטיין אויפן אָרט: פונם דערבייאיקן הייזל האָט זיך אַרויסגעשלייכט עפּעס אַ געהיימניספולע פיגור אין אַ ווייסן מיך אויפן קאָפּ און מיט אַ ספר אין האַנט...

איינער פון די יונגע לייט האָט פּלוצלונג אַ געשריי געטאָן מיט נישט קיין מענטשלעכן קול און איז, ווי אַ סנאָפּ, אַנידערגעפאַלן אויף דער ערד... די איבעריקע חברים זענען זיך אין גרויס כחד צעלאָפן, איבערלאָזנדיק די רידלעך ביים טויער...

...די פיגור, אין ווייסן געהילט, איז געווען דער אַלטער שומר פון פעלד, וועלכער איז צום „שפוך המתך" אַרויסגעגאַנגען צו עפענען די טיר...

# דעם גאון'ס זכות

(אַ מאָנאָלאָג פון אַ ווילנער יידן).

— זאָגט — כ'בעט אייך — וואו איז „ער", ז"ל, געווען יענע טעג, אין דער „עידנא דריתחא", בשעת די גאַנצע ווילנער יידישע קהלה איז אָפּגעגעבן געוואָרן ממש אויף הפקר און איז אויסגעגאָסן געוואָרן מיט בלוט?

ביז־אַהער האָט ווילנע, אונדזער „ירושלים דליטאָ", כאָטש איין טרייסט געהאַט אויף כל צרה שלא תבוא, אַז „ער", ז"ל, וועט עס נישט דערלאָזן, אַז אין דער פמליא־של־מעלה איז פאַראַן פאַר אונדז אַ צד, אַ מליץ־צדק, וואָס באַמיט זיך תמיד פאַר אונדז און וועט אונדז נישט לאָזן אויף הפקר...

און גוט און פריילעך איז געווען יעדן איינציקן פון די ווילנער תושבים אויפן הארצן פון דעם באַוואוסטזיין, אַז ערגעץ־וואו איז פאַראַן אַ באַשיצער, וואָס וועט זיך אָננעמען זיין עוולה און שוין אָנווענדן זיין גאַנצן זכות אין די „ספרי דרקיע", בכדי אָראָפּצונעמען דעם גזר־דין פון דער ווילנער עדה.

און ס'האָט זיך געפילט עפּעס חשובער, זיכערער אין דעם גאונס שטאָט, אין דער קריה־נאמנה, וואָס „זיין" זכות, ז"ל, רוט אויף איר.

און אומעטום, וואוהין דער ביטערער גורל האָט וועןנישט־איז אַ ווילנער יידן פאַרוואָרפן, האָט ער נישט אויפגעהערט

צו בענקען און צו לעכצן נאָך זיין היים, וואו ער האָט זיך תמיד געפונען אונטערן זיכערן שאָטן פונם הגר"א...

אויך אַנדערע האָבן אונדז שטענדיק שטאַרק מקנא געווען; מען האָט אונז גערעכנט פאַר די גליקלעכסטע, פאַר בני־יחידים, פאַר אויסדערוויילטע. מען האָט זיך מיט יראת־הכבוד אָפּגע־שטעלט אויף אונדזער שטאָט, וואו די „סיטרא אַחרא" האָט קיין שליטה נישט געהאַט און וואָס „ער" אַליין, דער גאון, ז"ל, האָט זי געבענטשט...

און אַז די גאַנצע וועלט פון עק ביז עק איז שרעקלעך אויפגעשיטערט געוואָרן פון דעם בלוטיקן שטורעם, וואָס האָט זיך אין דער צייט פון דער רוסישער זעלבסטהערשונג טייוו־לאָניש דורכגעטראָגן איבער אַלע שטעט און שטעטלעך און האָט געדראָט שיר נישט צו פאַרפלייצן דעם גאַנצן יידישן „תחום", האָבן זיך זיינע בלוטיקע כוואַליעס דאַן אין ווילנע צעבראָכן אָן דעם גאונס פעלזן, וואָס האָט אָפּגעווענדט — אַזוי האָט מען געזאָגט — די שרעקלעכע סכנה פון דער שטאָט. „שמש בגבעון דום!" — דאָ האָט זיך דער בלוט־שטורעם על־פי־נס צו־ריקגעהאַלטן און מען האָט באַשיינפערלעך געזען, אַז „אצבע אלקים היא"... אַז צוליב זיין ליבן נאָמען איז אונדז דער זכות געשען, איז באַשערט געווען צו בלייבן אַ „שארית ופליטה לישראל"...

און די נחמה איז דאָך אַ טאָפּעלע געווען, ווייל נישט נאָר מיר אַליין האָבן געשטאָלצירט מיט אונדזער זעלטענעם זכות, נאָר דער גאַנצער כלל האָט דאָך מיט אונדז מיטגעפילט און האָט אין אונדז אַ טרייסט און אַ שטיצע געזען אין אַן עת־צרה...

האָט מען זיך ווען־נישט־איז געריכט אויף „עפּעס", וואָס האָט מקדמת־דנא אין קלעמען געהאַלטן דאָס גאַנצע מאַרטירער

יידישע פאָלק, האַט זיך אַ ווילנער ייִד מיט אַן עכטן ווילנער ביטול-שמייכל א זאָג געטאָן: „עט, אונדז וועט עס מיידן! ווילנע איז, געלויבט השי״ת, געוואָרנט דערפון, ווייל „ער״ אליין, ז״ל, האָט עס געבענטשט״... און אַ מאָדנע פייערל, אַ פייערל פון שטאָלץ און גדלות, פלעגט זיך באַווייזן אין זיינע אויגן, וואָס זאָלן אַשטייגער ווי וועלן זאָגן: „אָט, זעט ס׳אַר אַ יחסנים מיר זענען, ווער קען זיך עס גלייכן צו אונדז?..״

אָדער אַז מ׳האָט געהערט רעדנדיק אַמאָל פון עפּעס אַ בהלה אָדער אַ גזירה, וואָס איז פּלוצלונג געקומען אויף אַ שטאָט, האָט זיך דער ווילנער ייד, ווי זיין טבע איז, גאַנץ פיין אָפּגעזיפצט, נאָר גלייך האָט ער זיך אויפגעמונטערט און מיטן באַוואוסטן פיזמון: „שאני הכא״ האָט ער זיך ווידער גע-נומען פאַר זיינע אַלטעגלעכע ביזנעס.

און צו אַלץ איז דאָ אַ פּאַרטיקע סגולה געווען, און אומעטום—צי אין בית-המדרש, צי אין פאַבריק, צי אין קראָם— האָט דער ייד פון אַ גאַנץ יאָר געשפּירט דאָך אין זיך אַ כּוח, וואָס האָט אַריינגעהויכט אין זיינע „עצמות יבשות״ אַ באַוואוסטזיין, אַז ער איז נישט חלילה הפקר.

און נישט נאָר אַ ייד פון אַ גאַנץ יאָר, נאָר אונדזערע „היינטיקע״, וואָס האָבן שוין לאַנג, דאַכט זיך, צעריסן מיט דער אַלטער ווילנע, האָבן זיי דאָך אויך נישט געקענט אָן יראַת-הכבוד דערמאָנען זיך אָן יענעם שיינעם עבר אונדזערן, וואָס האָט שטענדיק געלייכט אונדז, ווי אַן עמוד-אש, אין אונדזער וויסטן מדבר...

און אויב זיי האָבן זיך אַליין נישט דערמאָנט — האָט זיי דער מלאך-הדומה געצוואונגען צו דערמאָנען זיך... גאָר פּשוט: ער האָט אַלעמען פּלוצלונג גלייך-געמאַכט, כקטן כגדול, אָן אונ-

טערשייד, אַלעמען אין איין טשערעדע שעפּסן פאַרוואַנדלט, וואָס איר קענט מיט זיי מאַכן, וואָס איר ווילט...

היינט פרעג איך אייך, ליבע יידן, וואו איז איצט געווען דער שטענדיקער „מליץ־יושר" אונדזערער, בשעת מיר האָבן אין בלוט און טרערן געבאָדן זיך?.. אָדער האָבן מיר אפשר אונדזער „ירושלים־דליטא" פאַרזינדיקט ונסתלקה שכינתה מעליה?..

אַזוי צי אַזוי — די איינציקע נחמה אונדזערע, דעם איינציקן שטאָלץ האָבן מיר, ב"ה, אויך אָנגעוואָרן...

זאָגט מיר, — כ'בעט אייך — צי ווייסט איר נישט אַ קליין ווינקעלע אויפן ערד־קוגל, וואו כ'זאָל ערשט אַ מקום־מקלט געפינען?...

ווילנע, 1919.

# ר׳ לייבעלע שרה׳ס

(אַ לעגענדע)

ווען ר׳ לייבעלע שרה׳ס האָב איך נאָך קינדווייז געהערט דערציילן אַ סך פלאָ׳דיקע מעשיות.

די מייסטע לעגענדעס זענען ווען אים פאַרשפרייט אין ווייסרוסלאַנד, וואו ר׳ לייבעלע האָט אַ צייט לאַנג אָפּגעריכט זיין גלות.

איינע פון דידאָזיקע שפּאַנענדע לעגענדן, וואָס איז פאַר־שפרייט צווישן די יידן פון ווייסרוסלאַנד, וועל איך דאָ איצט איבערדערציילן.

* * *

נישט ווייט פון מ. איז פאַראַן אַ קליין יידיש שטעטעלע, המכונה בוניטש. אָט אויף דעם קליינעם בוניטש איז אויס־געפאַלן דער גרויסער כבוד און זכות, אַז דער צדיק ר׳ לייבעלע שרה׳ס זאָל דאָרט פאַרברענגען אַ לענגערע צייט.

לכתחילה האָט קיינער אין שטעטל נישט געוואוסט, ווער ער איז: ווייניק פרומע יידן פלעגן אין יענער צייט אַרומוואַנדערן איבער דער וועלט און אונטערוועגס פאַרהאַלטן זיך אויף אַ קורצער צייט אין בוניטש? האָט מען אויך ר׳ לייבעלע שרה׳ס אָנגענומען פאַר איינעם פון אָט די אָרעמע וואַנדערער און גלות-אָפּריכטער, און קיינער האָט אויף אים צוערשט קיין גרויס אַכט נישט געלייגט. ר׳ לייבעלע שרה׳ס האָט זיך אָפּ-געשטעלט אויף אכסניא ביי איינעם פון די שענסטע בעלי-בתים אין שטעטל, ביי אַ רייכן אַרענדאַטאָר. אָבער אין אַ קורצער צייט אַרום האָבן אַלע בוניטשער יידן דערקענט אין דעם אומ-באַקאַנטן אורח אַ גרויסן צדיק און ירא-שמים און האָבן גרויס דרך-ארץ באַקומען פאַר ר׳ לייבעלען.

ויהי היום – דאָס איז געווען ערב-שבת, האָט דער צדיק, צוריקקומענדיק פון מקווה, זיך געווענדעט צו זיין רייכן בעל-הבית, וואו ער איז איינגעשטאַנען אכסניא, מיט פאָלגנדער בקשה: היות ווי ער איז זיך נוהג יעדן ערב-שבת צו פאָרן שפּאַצירן אַביסל אין פעלד, זאָל ער, דער בעל-הבית, אַזוי ליבנסווירדיק זיין און הייסן זיין משרת שפּאַנען דאָס פערד און אַרויספאָרן מיט אים אַביסל הינטערן שטאָט.

דער אַרענדאַטאָר האָט גערן דערפילט ר׳ לייבעלעס בקשה און האָט באַפוילן זיין משרת צו פאָרן מיטן זקן, וואו-הין ער וועט נאָר הייסן.

אַרויספאָרנדיק אַזוי הינטערן שטעטל, האָט ר׳ לייבעלע געבעטן דעם משרת, ער זאָל אים איבערגעבן די לייצעס און אליין זאָל ער זיך זעצן נעבן אים מיטן רוקן צום פערד. דער משרת האָט אים געפאָלגט. אָבער אין דעם אויגנבליק, ווי דער רבי האָט איבערגענומען די לייצעס, האָט דאָס פערד שנעל אַ ריס געטאָן פון אָרט און, ווי אַ וויכער, געטראָגן זיך פאַרביי

שטעט און דערפער, פאַרביי וועלדער און טייכן, אַזוי אַז דער מבולבלער משרת האָט מורא געהאַט אומצוקוקן זיך אויף הינטן...

אָפּפאָרנדיק אַזוי אַ פּאָר שעה, זענען זיי ענדלעך אָנגעקומען אין אַ גרויסן כּרך מיט שיינע פּרעכטיקע גאַסן און פּאַלאַצן און מיט פיל פרעמדע מענטשן, וועלכע זענען אַלע געווען אַזוי שיין און רייך אָנגעטאָן. דאָס פערד האָט זיך באַלד אַ שטעל-אָפּ געטאָן אינמיטן פון אַ גרויסן און שיינעם פּלאַץ, דאָ איז דער רבי אַראָפּגעשפּרונגען פון וואָגן און, איבערגעבנדיק די לייצעס דעם משרת, האָט ער געהייסן אָפּוואַרטן אויף אים דאָ...

ר' לייבעלע איז באַלד טאַקע פאַרשוואונדן אין איינעם פון די רייכע פּאַלאַצן, און דער משרת איז אַ מבולבלער געבליבן איינער אַליין מיטן פערד, נישט וויסנדיק וואָס ס'קומט מיט אים דאָ פּאָר אַזוינס; אין זיין שוואַכן קאָפּ האָבן זיך געבאָמבלט פאַרשידענע שרעקלעכע רעיונות און אים האָט זיך אָנגעהויבן דאַכטן, צי איז ער גאָר נישט אַראָפּ פון זינען...

פּלוצלונג דערזעט ער, ווי ס'גייט אַ ייד אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע און מיט פּאות. דער משרת האָט זיך דערפרייט מיטן באַגעגניש און האָט זיך געווענדעט צו דעם יידן, ער זאָל אים זאָגן, וואו ער געפינט זיך. דער ייד האָט פון אים חוזק געמאַכט און אַוועקגייענדיק געזאָגט: וואָס איז דאָס פאַר אַ אידיאָט, וואָס ווייסט נישט אפילו, אַז ער געפינט זיך אין דער רעזידענץ-שטאָט ווין!

דער משרת איז נאָך מער נשתומם געוואָרן און פאַרטיפט אין שווערע מחשבות איז ער געבליבן וואַרטן אויפן רבין.

אין אַ קורצער צייט אַרום, ווען די זון האָט זיך שוין געזעצט אין מערב-זייט, איז טאַקע דער רבי צוריקגעקומען און האָט געהייסן דעם משרת פאָרן. אַרויספאָרנדיק הינטערן שטאָט,

האָט דער רבי ווידער גענומען די לייצעס אין זיינע הענט און ווידער האָט זיך דאָס פערד אָוועקגעטראָגן, ווי אַ ווינטער, פאַרביי שטעט און דערפער, פאַרביי פעלדער און טייכן, ביז ס'האָט זיך פונווייטן דערזען דאָס שטעטעלע בוניטש. דאָ האָט דער רבי איבערגעגעבן די לייצעס דעם משרת און זיי זענען פונקט צו דער שקיעה אָנגעקומען אין שטעטל.

קומענדיק שפּעטער אַביסל צו זיך, האָט דער משרת וועגן אַלץ, וואָס מיט אים האָט פּאַסירט, דערציילט דעם בעל-הבית; אָבער דער לעצטער האָט אים בשום-אופן נישט געגלויבט און האָט אויף אים נאָך אָנגעשריען, אַז ער איז שיכור אָדער גאָר משוגע...

אָבער באַלד איז גאַנץ אמגעריכט געקומען אַ געלעגנהייט, וואָס האָט אַלעמען אין בוניטש איבערצייגט, אַז דער משרת זאָגט אמת.

ס'האָט גראָד פּאַסירט אין יענעם יאָר, אַז בוניטש איז געבליבן אויף סוכות אָן אַ קהלשן אתרוג. צו פאָרן אין כרך נאָך אַן אתרוג איז שוין געווען צו-קורץ די צייט, ווייל פון בוניטש ביז דער גובערנסקער שטאָט איז געווען אַ מהלך פון עטלעכע טעג רייזע. זענען בוניטשער יידן אַרומגעגאַנגען יענעם ערב-סוכות אָבל והפוי-ראש און האָבן נישט געוואוסט וואָס מ'הויבט אָן צו טאָן. מ'האָט זיך געוואָרפן צום רייכן אַרענדאַטאָר, ער זאָל אַרויסהעלפן פון דער צרה, אָבער אויך ער האָט קיין עצה נישט געקענט געבן.

אַז ס'איז געקומען האַרט פאַר סוכות, וואָס איז דעמאָלט גראָד אויסגעפאַלן ערב-שבת, איז ר' לייבעלע געקומען, ווי זיין מנהג איז געווען, צום רייכן אַרענדאַטאָר בעטן, ער זאָל אים געבן זיין פערד מיטן משרת, בכדי דורכצושפּאַצירן זיך הינטערן שטאָט. דער אַרענדאַטאָר האָט דאַן באַשלאָסן אויס-

צופרווון זיין משרת, צי ער זאָגט טאַקע אמת, אַז ער פּאָרט יעדעס מאָל מיטן צדיק קיין ווין. ער האָט דעריבער מיטן וויסן פון קהל איבערגעגעבן דעם משרת א פּעקל געלט און אָנגעזאָגט אים, אַז ער וועט קומען קיין ווין, זאָל ער דאָרט קויפן אַן אתרוג מיט אַ לולב און זאָל נעמען פונם סוחר אַ קוויטל, ווען און וויפל ער האָט דערפאַר באַצאָלט.

... פונקט פאַר ליכט־בענטשן, ווען בוניטשער יידן האָבן זיך שוין מכין געווען צו גיין אין שול אריין, איז ר' לייבעלע מיטן משרת אָנגעקומען צוריק אין שטעטל, און דער משרת האָט איבערגעגעבן זיין בעל־הבית א מהודרדיקן אתרוג מיט אַ לולב, אויף וועלכן ס'איז געווען צוגעקלעפּט אַ צעטל מיטן נאָמען פון דער שטאָט ווין און מיט דער היינטיקער דאַטע. די פריילעכע בשורה האָט זיך באַלד פאַרשפּרייט איבער גאַנץ בוניטש, און אַלע זענען געלאָפן אָנקוקן דעם וואונדערבאַרן אתרוג, וואָס איז געבראַכט געוואָרן אַזש פון דער עיר־הבירה ווין!

ביי די בוניטשער יידן איז יענעם סוכות געווען ליהודים; אָבער אַז מ'האָט זיך אין אַ קורצער צייט אַרום דערמאָנט וואו איז ר' לייבעלע — האָט מען אים אין ערגעץ נישט געקענט געפינען.

ער איז נעלם געוואָרן פון שטעטל.

# דער נס אין רב׳ס סוכּה

דאָס איז געווען אין די פינסטערע צייטן פון פּלעווע, קורץ נאָך דעם קישינעווער פּאָגראָם, וואָס האָט פאַרצויגן דעם יידישן האָריזאָנט אין רוסלאַנד מיט שווערע וואָלקנס. אַן אָבל־שטימונג האָט אַרומגעכאַפּט דעם גרויסן יידישן קבוץ און וואו אַ שטאָט אָדער אַ שטעטל אין יידישן „תחום" האָט מען געטרויערט אויף דעם גרויסן בראָך...

אָבער אַפילו אָפן צו טרויערן איז נישט געווען דער־לויבט — איבער אַלץ און איבער אַלעמען האָט געלויערט די „אייזערנע האַנט" פון פּלעווע; מ׳האָט מורא געהאַט הויך צו רעדן, צו זיפצן, צו פּראָטעסטירן און מ׳האָט געשוויגן, פאַר־טייענדיק טיף־טיף אינעווייניק דעם גרויסן ווייטיק און שמערץ...

נישט געשוויגן האָט נאָר די יידישע יוגנט.

דאָס יונגע יידישע בלוט האָט געקאָכט און געבראַוזט, די הענט האָבן זיך געבײַלט אין פויסטן, די אויגן האָבן גע־ברענט פון צאָרן, און וואָס שטאַרקער ס׳איז געוואָרן דער צאַ־רישער דרוק און וואָס שווערער די לופט צום אָטעמען — אַלץ רירעוודיקער און דרייסטער איז זי געוואָרן, אַלץ מעכטיקער האָט געקלונגען איר פּראָטעסט קעגן די צאַרישע תלינים.

אויף דער דורך פּלעווען אָרגאַניזירטער בלוט-באָד אין קישינעוו האָט די יידישע יוגנט געענטפערט מיט אַ רוף צו זעלבסט-שוץ. איבער אַלע יידישע שטעט און שטעטלעך האָבן זיך אויף גיך אָרגאַניזירט ליגעס פון זעלבסט-שוץ; מ׳האָט פון אַלע זייטן גענומען טראָגן געווער, געלערנט זיך שיסן און פעכטן און געגרייט זיך צו שטעלן אַ ווירדיקן ווידערשטאַנד די צאַרישע פּאָגראָמשטשיקעס.

אַן ענלעכע זעלבסט-שוץ האָט זיך צו יענער צייט אָרגאַניזירט אויך אין דער שטאָט מ. דורך נאַכט איז זי אַנט-שטאַנען און גלייך איז זי אויסגעוואַקסן אין אַ ריזיקער יוגנט-אַרמיי, וואָס האָט אַרומגענומען אַלע שטאָט-ראַיאָנען און קוואַרטאַלן מיט „דעסיאַטניקעס״, מיט געהיימע געווער-לאַגערן, מיט איבונגס-פּונקטן אויף צו לערנען זיך שיסן און אַפילו מיט באַזונדערע שטאַבן אין די יידישע ראַיאָנען.

באַלד איז אויף אַן אומבאַוואוסטן אופן געוואויר געוואָרן דערפון די צאַרישע „אָכראַנקע״. ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן אין שטאָט רעוויזיעס, אַרעסטן און אָבלאַוועס, מ׳האָט געזוכט און געננישטערט אין אַלע ווינקעלעך, אַפילו אין די בתי-מדרשים און אויפן יידישן פעלד און — גאָרנישט געפונען... דאָס האָט נאָך מער צערייצט די צאַרישע היטער — האָבן זיי גענומען גיין מבית לבית, דורכגעפירט מאַסן-אָבלאַוועס אויף אַלע גאַסן און שפּאַציר-פּלעצער און מייסטנס געזוכט ביי יידישע יונגע-לייט, ווייל אין די אויגן פון דער צאַרישער מאַכט איז די גאַנצע יידישע יוגנט געווען פּאָליטיש נישט-כשר.

די דראַקאָנישע רעפּרעסיעס האָבן טאַקע אָנגעמאַכט אַ גרויסן חורבן אין די רייען פון אונדזער זעלבסט-שוץ: די מייסטע זאַמלונגס-פּונקטן זענען אויפגעדעקט געוואָרן. דער גרעסטער טייל געווער איז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון

דער פּאָליציי, און עטלעכע צענדליק חברים זענען אַריינגעזעצט געוואָרן אין תּפיסה... אָבער די צאַרישע „אָכראַנקע" האָט זיך נאָך נישט באַרואיקט. אויף יעדער טריט און שריט האָבן געלויערט פילערס, וועלכע האָבן נאָכגעשפּיאָנירט און נישט געלאָזט פון אויג יעדן יונגן ייד, וועלכער האָט זיי אויסגעזען חשודיק.

גראָד אין יענער צייט האָבן מיר באַשלאָסן צונויפצורופן אַ באַראַטונג פון אַלע פאָרשטייער פון די זעלבסט-שוץ-אָפּטיילונגען אין די ראַיאָנען, כּדי פעסטצושטעלן די חורבנות, וואָס מיר האָבן געליטן, און באַוואָרענען זיך אויף להבא פון ווייטערדיקע „אַביסקעס"... אָבער וואו מאַכט מען עס? אַז אַלע קאָנספּיראַטיווע דירות זענען שוין דורכגעפאַלן און די פּאָליציי האַלט אַ שאַרף אויג אויף זיי. ס'איז מיר דאַן איינגעפאַלן דער געדאַנק אויסצונוצן צו דעם צוועק אַ סוכּה, און נישט אַבי-וועלכע, נאָר טאַקע אונדזער רבס סוכּה, וועלכע האָט ווייניקער פון אַלע געקענט ציען אויף זיך דעם חשד פון דער פּאָליציי...

געטראַכט און געטאָן. כ'האָב גלייך דורכגערעדט זיך מיט דעם רבס בת-יחידקע, אַ 17-יאָריק מיידל, וועלכע איז געווען שטאַרק צוגעלאָזט צו מיר, און האָב ביי איר לייכט געפּועלט, אַז דעם צווייטן טאָג סוכּות באַלד נאָכן יום-טובדיקן מיטאָג, ווען דער רבי גייט שלאָפן אין שטוב, זאָל זי צוגרייטן פאַר אונדז די סוכּה.

מיר האָבן גלייך געגעבן וויסן דעם צו וויסן די פאָרשטייער פון דער זעלבסט-שוץ און אין דעם באַשטימטן טאָג זענען אַ פּאָר צענדליק יונגעלייט פון אַלע שטאָט-טיילן, איינציקווייז און פּאָרזיכטיק, אומקוקנדיק זיך אויף אַלע זייטן, צוזאַמענגעקומען צום רבס שטוב. צוליב מער פאָרזיכטיקייט איז באַשלאָסן געוואָרן צו גיין נישט דורך דעם פראָנט-אַריינגאַנג,

וואָס איז אַרויס צום גאַס, נאָר דורך אַ צווייטן הויף און פון דאָרט דורך אַ הינטער־הויפל אין דעם רבס הויף, פונוואַנען ס׳האָט שוין געפירט אַ נידעריק זייטיק טירל אויף די ברייטע פראָנט־טרעפּ פון אונדזער רבס רחבותדיקער דירה אויפן צווייטן שטאָק. דעם רבס סוכּה האָט זיך טאַקע געפונען דאָ אויף דער וועראַנדע פון צווייטן שטאָק און האָט פאַרגעשטעלט מיט זיך אַ מאַסיוו־געבויטן גערוימען אַלקיר, וואָס איז אַ גאַנץ יאָר געווען צוגעדעקט מיט אַ בלעכענעם דאַך, און נאָר אויף דער צייט פון סוכּות פלעגט מען דעם דאַך, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ טאָפּעלע טיר, אויפהויבן פון ביידע קאַנטן און דעם אָפענעם חלל באַדעקן מיט סכך. מ׳דאַרף נאָך באַמערקן, אַז דער דאַך פון דער גאַנצער וועראַנדע אויפן צווייטן שטאָק און, ממילא, אויך פון דעם רבס אָריגינעלער סוכּה האָט זיך מיטן הינטערשטן קאַנט געגרעניצט מיטן דאַך פון דעם צוגעבויטן דריטן שטאָק איבער דעם גאַנצן ריזיקן הויז, וואָס איז געשטאַנען אויפן ראָג פון צוויי גאַסן.

דאָסדאָזיקע אָרט איז געווען, ווי מ׳דאַרף נישט בעסער, צוגעפּאַסט פאַר אונדזער צוועק. מיר האָבן פאַרריגלט הינטער זיך די מאַסיווע טיר פון דער סוכּה און, איבערלאָזנדיק אינדרויסן אַלס שומר דעם רבס בת־יחידקע, זענען מיר צוגעטראָטן צו דער אַרבעט.

ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט און מיר האָבן פּלוצלונג דערהערט אַ שאַרף בּיים טיר און באַלד דערויף אַ פאַרזיכטיקן נערוועזן קלאַפּ. מיר זענען אַלע געבליבן זיצן פאַרגליווערט פון שרעק און זענען געקומען צו־זיך ערשט דאַן, ווען מיר האָבן הינטערן טיר דערהערט די באַקאַנטע שטים פון דעם רבס טאָכטער. אויפפּענענדיק די טיר, איז אין סוכּה אַריינגעפאַלן אַ טויט־בלאַסע דעם רבס בת־יחידקע און, ציטערנדיק

אינגאַנצן פאַר שרעק, האָט זי דערציילט, אַז פּאָליציי איז באַ-פאַלן זייער הויז, האָט פאַרריגלט די פראָנט-טיר און נישטערט אין הויף...

אין דעם ערשטן מאָמענט האָבן מיר זיך אַלע שרעק-לעך פאַרלוירן, מ'האָט גענומען שפּרינגען איבערן טיש און געפּרוווט זוכן אַ באַהעלטעניש אין די וואוינונגען פון צווייטן שטאָק. אָבער דאָ איז איינעם פלוצלונג איינגעפאַלן אַ פּלאַן צו פּרוּוון זוכן אַ רעטונג דורכן דאַך... מ'האָט פלינק איבער-געקערט דעם טיש און, צושטעלנדיק אים צו דער וואַנט, ווי אַ לייטער, אַראָפּגעריסן אייניקע שטיקלעך סכך און, אונטער-שפּאַרנדיק איינער דעם אַנדערן, גענומען שפּרינגען אויפן דאַך...

דערווייל איז אינדרויסן אויסגעוואַקסן אַ גאַנצער גע-זעמל פון יידן און יידענעס, וועלכע ס'האָט צוגעצויגן אַהער די נייגעריקייט צו זען, וואָס טוט דאָ אַזויפיל פּאָליציי ביים רבס הויז. דערזעענדיק פלוצלונג אויף דעם קעגנאיבערדיקן הויז אַ כאָפּטע יונגעלייט, וועלכע האָבן, ווי מזיקים, געפּויזעט אויף אַלע פיר איבער דעם משופּעדיקן דאַך, ריזיקירנדיק יעדער רגע אַראָפּצורייסן זיך פון דער קאָפּ-שווינדלענדיקער הויך און צו ברעכן האַלדז-און-נאַקן,—זענען ווייבער געפאַלן אין חלשות פון שרעק. און ווער ווייסט מיט וואָס דאָס וואָלט זיך געענ-דיקט, אויב נישט ר' משה דער רופא, וועלכער האָט גלייך מיט זיין פּשוטן שכל באַנומען וואָס דאָ קומט-פאָר און האָט זיך גענומען ענערגיש פאַנאַנדערצעטרייבן דעם געזעמל, אויפ-קלערנדיק אויף-גיך דעם צעשראָקענעם עולם, אין וואָס פאַר אַ סכנה זיי שטעלן מיט זייער טומל די יונגעלייט אויפן דאַך...

צום גליק, האָבן די פּאָר פּאָליציאַנטן, וועלכע זענען אָוועקגעשטעלט געוואָרן אויף דער וואַך ביי דער פראָנט-טיר

פון דעם רבס וואוינונג, נישט געלייגט קיין אַכט אויף דעם טומל, אָננעמענדיק עס אַלס געוויינלעכע „זשידאָווסקע" פּאַניק אין אַזעלכע פאַלן,—און מיר זענען דערווייל בשלום אַריבערגע־קראָכן אויף דער צווייטער זייט דאַך, און אַריינבאַקומענדיק זיך דורכן „לאָך" אין בוידעם, זענען מיר נאָכדעם אַרויס אויף דער אַנדערער גאַס דורך דער צווייטער פראָנט-טיר, וואָס די פּאָליציי האָט צום גליק געלאָזט אומבאַוואַכט.

די פּאָליציי האָט אויסגעגענישטערט דעם גאַנצן הויף און אַלע שכנישע דירות און האָט בשום אופן נישט געקענט פאַר־שטיין, וואו זענען עס נעלם געוואָרן די יונגעלייט, וועלכע מ'האָט געזען אַריינגיין אין דעם הויף... וויפל די פּאָליציי האָט זיך נישט געבראָכן דעם קאָפּ, האָט זי אלץ נישט גע־קענט דערגיין דעם סוד פון דער געהיימניספולער פאַרשווינדונג...

דערפאַר האָט זיך דערוואוסט פון דעם סוד דער רב, וועלכער האָט אויף מאָרגן געבענטשט „גומל" אין שול און געדאַנקט דעם השית"ב פאַר דעם נס, וואָס איז געשען אין זיין סוכה...

# דעם רבי'נס דאַמפּער

ס'איז געווען ערב-פּסח. די שטימונג אין דער שטאָט מ. איז, ווי געווענלעך אין יענע צאַרישע צייטן, געווען אַ נערוועזע, אַן אומרואיקע. אינדערלופטן האָבן זיך געטראָגן קלאַנגען ,וועגן אַ פּאָגראָם, וואָס די צאַרישע אַדמיניסטראַציע מיט דער „אָכראַנקע" האָבן צוגעגרייט אויף יידן על-פּי נוסח קישינעוו...

די ערשטע בשורה וועגן די פּאָגראָם-הכנות איז געקומען פון טורמע דורך די יידישע פּאָליטישע אַרעסטירטע, וועלכע האָבן דורך געהיימע בריוולעך אָנגעזאָגט זייערע קרובים, אַז אין טורמע-הויף קומען-פאָר עפּעס געהיימניספולע פאָרבאַרייטונגען, ס'קלייבן זיך דאָרט עפּעס חשודיקע באַנדעס, וועלכע מ'טיילט-אויס געווער און אייזערנע מכשירים, אַז דער פּאָליצמייסטער אַליין האָט אָנגעהויבן אָפט באַזוכן די טורמע און „קנעלט" דאָרט מיט די אָנגעלאָפענע באַנדעס, דערביי שעמט ער זיך נישט אפילו צו סטראַשען די יידישע אַרעסטירטע פון טורמע, אַז מ'וועט זיך באַלד אָפּרעכענען מיט די יידן, און אַז אויף פּסח וועט מען זיי איינאָרדענען אַזאַ בלוט-באָד, וואָס וועט איבערשטייגן קישענעוו...

דידאָזיקע ידיעות האָבן געמאַכט אַ דערדריקנדן רושם אויף דער יידישער באַפעלקערונג. די פּאַניק האָט זיך נאָך מער פאַרגרעסערט צוליב דעם, וואָס אויף מצד דער קריסטלעכער באַפעלקערונג האָט מען געקענט באַמערקן אַ סך סימנים, וועלכע האָבן באַשטעטיקט די אומרואיקע קלאַנגען. איבערהויפּט זענען דערגאַנגען שלעכטע בשורות פון דער פאָרשטאָט לופּאָלאָוו, וואו די קריסטלעכע „קולאַזשניקעס" האָבן די דאָרטיקע יידן אָפן געדראָט מיט אַ פּאָגראָם און נאָך צוגעגעבן, אַז דער פּאָליצמייסטער אַליין האָט זיי געגעבן אַ „פּאָזוואָלעניע" צו שלאָגן יידן...

די לופּאָלאָווער יידן האָבן זיך, אויס מורא, פונקט ערב-פסח גענומען אַריבערקלייבן אין שטאָט אַריין. איבער דעם גרויסן בריק, וואָס אויפן דניעפּר, וועלכער פאַרייניקט לופּאָלאָוו מיטן צענטער שטאָט, האָבן זיך געצויגן גאַנצע שורות מיט פורן, אָנגעלאָדן מיט ווייבער און קינדער און מיט כל'ערליי שטוב-בעבעכעס, וואָס האָט אָנגעוואָרפן נאָך אַ גרעסערע אימה אויף דער יידישער באַפעלקערונג.

אַ יידישע דעפּוטאַציע האָט זיך געוואָרפן צום דאַמאָלסטיקן גובערנאַטאָר קלינגענבערג, ער זאָל ראַטעווען די שטאָט; אָבער דער גובערנאַטאָר האָט געלאָזט וואַרטן די דעפּוטאַציע אין פּאָדער-צימער אַ פּאָר שעה נאָכאַנאַנד און ענדלעך אויפגענומען זי זייער קאַלט. אָנשטאָט צו באַרואיקן די דעפּוטאַציע האָט ער זי גאָר שטאַרק געמוסרט און געוואָרנט, אַז כל-זמן די יידן וועלן נישט באַרואיקן זייער רעוואָלוציאָנערע יוגנט, זענען פּאָגראָמען אומפאַרמיידלעך...

מיט אַ צעבראָכן געמיט האָט זיך די יידישע דעפּוטאַציע צוריקגעקערט פון גובערנאַטאָר. קלינגענבערגס ענטפער איז בליץ-שנעל באַקאַנט געוואָרן דער יידישער באַפעלקערונג און גלייכ-

ציטיק אויך דער יידישער זעלבסט-שוץ, וועלכע האָט זיך אויף איר שטייגער געגרייט צו באַגעגנען דעם אומפאַרמיידלעכן פּאָגראָם...

פאַר די יידן פון מ. איז שוין קלאָר געוואָרן, אַז זיי זענען איבערגעלאָזן געוואָרן אויף גאָטס באַראָט... אויף דער „נאַטשאַלסטווע" האָט מען שוין מער נישט געהאָפט; מ'האָט זיך נאָר געוואונטשן, אַז זי זאָל אַליין אַקטיוו נישט באַטייליקן זיך אויפן צד פון די פּאָגראָמשטשיקעס און זאָל ווייניקסטנס נישט שטערן צו פאַרטיידיקן זיך פון די געדונגענע באַנדעס און פינסטערן המון...

שרייען ערגעץ נאָך הילף איז שוין געווען שפּעט. די באַן און טעלעגראַף איז נאָך מיט אַ טאָג פריער געווען אָפּ-געשלאָסן, און אַ ייד האָט זיך דאָרט נישט געטאָרט באַווייזן...

מיט דעם גובערנאַטאָרס ענטפער איז אויסגעלאָשן געוואָרן פאַר אַ גאַנצער שטאָט יידן די לעצטע האָפנונג...

די איינציקע פאַרבינדונג מיט דער אויסערער וועלט איז געווען דעם רבינס דאַמפער „ליעוו", אָדער ווי די יידן האָבן אים גערופן „ר' לייבעלע". דאָס איז געווען דער איינציקער יידישער פּאַסאַזשיר-דאַמפער איבערן דניעפּר, וועלכער האָט קורסירט צווישן דער שטאָט מ. און אָ. דער דאַמפער האָט געהערט צו שניאורסאָנען, אַן אייניקל פון דעם לעצטן ליובאַ-וויטשער אדמו"ר, און ווי מען שמועסט, האָט מען דעם נאָמען „ר' לייבעלע" אים געגעבן נאָך שניאורסאָנס פאָטער, דעם קאָפּיסער רבי ר' לייב זצ"ל.

דעם רבינס דאַמפער איז געווען שטאַרק באַליבט ביי דער באַפעלקערונג. ס'איז שווער צו זאָגן, וואָס האָט דאָ מער מכריע געווען — צי דאָס שנעלע לויפן פון דעם נייעם, לויט דער לעצטער טעכניק אויסגעבויטן דאַמפער, אָדער אפשר דער

יחסנישער נאָמען פון דעם גרויסן רבין, וואָס ער האָט געטראָגן — אָבער ס'איז אַ פאַקט. אַז סיי יידן, סיי קריסטן האָבן זיך געריסן פאָרן נאָר מיט „ר' לייבעלען", אַזוי אַז די איבריקע דאַמפּערס פון דער רוסישער „קאָמפּאַניע" האָבן זיך געזען געצוואונגען אָראָפּצולאָזן אויף גאַנצע הונדערט פּראָצענט דעם פּרייז, כדי נישט צו פאַרלירן חלילה אינגאַנצן די פּאַסאַזשירן...

דער גאַנצער פּערסאָנאַל אויף דעם רבינס דאַמפּער איז געווען אַ יידישער, אויסער דעם קאַפּיטאַן, און שבת און יום-טוב פלעגט דער דאַמפּער רוען...

אָט מיט דעמדאָזיקן דאַמפּער איז עס אָנגעקומען די ערשטע ישועה פאַר דער יידישער שטאָט מ., וועלכע האָט ווי אַ טויט פאַרמשפּטע געוואַרט אויף איר שווערן גורל.

בשעת דער דאַמפּער האָט פאַראַנקערט אין האַפן, כדי צו האַלטן דאָ פּסח, זענען פון אים אומבאַמערקט אויסגעשטיגן, פאַרוויַיז און איינציקווייז, עטלעכע צענדליק יונגע פּויערים אין ווייסע „סוויטקעס" און „לאַפּטיעס" — אַרבעטער פון די יידישע קאַפּעל-זאַוואָדן פון דעם רבינס רעזידענץ קאָפּיס, וועלכע זע-נען אָנגעקומען צו הילף דער יידישער זעלבסט-שוץ. דידאָזיקע פּויערים האָבן זיך טאַקע באַלד צעשאָטן איבער די אַרומיקע יידישע גאַסן, אונטער דער אָנפירונג פון יידישע יונגעלייט.

די הילף איז געקומען פּונקט צו דער צייט: פון אַלטן מאַרק זענען שוין דערגאַנגען אומרואיקע ידיעות, אַז די אָנ-געפאָרענע פּויערים האָבן זיך גענומען ראַבירן די קלייטן, אַז אויף דער שול-הויף-גאַס איז פאָרגעקומען דער ערשטער צוזאַ-מענשטויס פון דער זעלבסט-שוץ מיט אַ באַנדע כוליגאַנעס און אַז זעלנער פּאַטרולן בראש מיטן פּאָליציימייסטער אַרעסטירן די חברים פון דער זעלבסט-שוץ.

אָבער די גרעסטע ספּנה האָט געלויערט מצד קופּאָלאָוו,

פונוואַנען די פּאָגראָמשטשיקעס האָבן דערוואַרט זייערע הויפּט-קרעפטן — די געטרייע „קולאַזשניקעס"...

אָט אויף דעם געפּערלעכן קאַמפּס-פּלאַץ איז הויפּטזעכלעך געוואָרפן געוואָרן די זעלבסט-שוץ פון די אָנגעקומענע קאַפּיס-ער אַרבעטער, וועלכע האָבן באַלד באַהערשט די דורכגאַנגען אויפן בריק און פאַרצוימט דעם וועג פאַר די צעיושעטע מחנות, נישט דערלאָזנדיק זיי אין שטאָט. צוזאַמענטרעפנדיק זיך פּנים-אל-פּנים מיט באַוואָפנטע קריסטן, האָבן די „קולאַזשניקעס" דאָס אויסגעטייטשט אַלס בגידה מצד דער „נאַטשאַלסטווע" און האָבן זיך מיט חרפּה צוריקגעצויגן... אין דערזעלבער צייט איז דער פּאָליציימייסטער מיט זיינע באַוואָפנטע מחנות פאַרנומען געווען אין יידישן קוואַרטאַל, פירנדיק אַ געיעג אויף דער יידישער זעלבסט-שוץ.

דאָס איינציקע זיכערע אָרט פאַר דער זעלבסט-שוץ איז געווען דער שטח פון טייך. דאָ האָט זיך אויך קאָנצענטרירט דער שטאַב פון דער זעלבסט-שוץ, וועלכער האָט פאַר זיין קוואַרטיר געמאַכט דעם רבינס דאַמפּער און פון-דאַנען-אַרויס אויפגעהאַלטן די פאַרבינדונג מיט די קאַפּיסער אַרבעטער.

פאַרלירנדיק די הויפּט-שטיצע פון די לופּאָלאָוער „קו-לאַזשניקעס", האָט זיך דער פּאָגראָם צו אָוונט-צו פון זיך אַליין אויסגעלאָשן און האָט נישט אָנגענומען די גרויזאַמע פאָרמען, וועלכע די מ.—ער „נאַטשאַלסטווע" האָט דערוואַרט.

בעת דער פּאָליציימייסטער האָט זיך אין אָוונט געכאַפּט, אַז די „קולאַזשניקעס" האָבן אים אָפּגענאַרט, האָט ער זיך געוואָרפן צום בריק, אָבער ס'איז שוין געווען צו-שפּעט. ער האָט זיך בלויז אָנגעשטויסן אויף איינצלנע פאַטרולן אין ווייסע „סוויטקעס" און „לאַפּטיעס" און האָט אויסגעלאָזן כל-חמתו צו זיי...

...ווען די פסחדיקע לבנה האָט זיך שוין באַוויזן הויך אין הימל, האָבן די מ.-ער יידן מיט צעבראָכענע הערצער, הינטער פאַרריגלטע טיר און טויערן, געזעצט זיך אָפּריכטן דעם „סדר"... ס'איז געווען אַ בחיפזונדיקער און אומרואיקער „סדר", ווייל ביי יעדן שאָרך אין דרויסן איז ביי די מענטשן די נשמה איינגעפאַלן.

בלויז אויף דעם רבינס דאַמפּער איז דער ערשטער „סדר" געבראַוועט געוואָרן לויט אַלע מנהגים און דינים און עד צאת-הכוכבים – אַהער האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן די רעשטלעך פון דער יידישער זעלבסט-שוץ, האַלטנדיק דאָ אַ ליל-שמורים אונטערן שוץ פון דעם שטומען און סודות-פולן דניעפּר...

דער גאַסטפריינטלעכער יידישער פערסאָנאַל פונם רבינס דאַמפּער האָט אויפן אונטערשטן דעק געגרייט די טישן מיט מצות און וויין און מ'האָט זיך פריילעך און מונטער געזעצט זאָגן די הגדה... יעדער האָט געהאַט צו דערציילן עפּעס אַן אַנדער שטיקל „הגדה" פון די נסים און פאַסירונגען פאַר דעם איבערגעלעבטן טאָג... און כאָטש אַלע זענען געווען שרעקלעך פאַרמאַטערט און דערשלאָגן פון די איבערגעלעבטע געשעענישן, האָט דאָך דער שטאַרקער וויין און די אויסערגעוועהנלעכע אַרומיקע סביבה אַרויסגערופן ביי אַלעמען אַ געהויבענע שטימונג.

מ'האָט אָן אַ סך און אָן אַלעמען פאַרגעסן און קיינער האָט זיך שוין מער נישט געקימערט וועגן דעם מאָרגענדיקן טאָג...

# המנס מפּלה...

מיר זענען אַלע געזעסן אין אַן ענגן קרייז פון סטודענטן און קורסיסטינס און האָבן זיך געטיילט מיט די איינדרוקן פון די לעצטע געשעענישן אין שטאָט. דאָס איז געווען אין יאָר 1917 אין פּעטערבורג אין די ערשטע טעג פון דער גרויסער רוסישער רעוואָלוציע, ווען די אַרבעטער זענען צוערשט אַרויס אויף די פּעטערבורגער גאַסן צו מאָנען „ברויט און שלום...״ נישט-קוקנדיק אויף דער שפּעטער שעה, — אַרום 11 אַזייגער ביינאַכט, — האָבן זיך צו אונדז דערטראָגן די ווייטע קנאַלן פון ביקסן, וועלכע האָבן ווי פאַרטרויט, אַז ערגעץ נאָענט פון אונדז קומט-פאָר אַ ריזן-קאַמף, וועלכער דאַרף היינט — מאָרגן אַנטשיידן דעם גורל פון לאַנד...

אונדזער יונגע שטודירנדע געזעלשאַפט איז פון שעה צו שעה פאַרגרעסערט געוואָרן מיט אַלץ נייע פריש-צוגעקומענע יונגע-לייט, באַקאַנטע און סתם קאָלעגן, וועלכע האָבן צוליב דער שיסעריי, וואָס האָט זיך מייסטנס קאָנצענטרירט אַרום ניקאָלאַיעווער וואָקזאַל, נישט געקענט טרעפן צו זיך אַהיים — אויפן „וואַסיליעווסקי אָסטראָוו״ אָדער אויף „פּעטראָגראַדסקאַיאַ סטאָראָנאַ״ און האָבן געמוזט בדלית-ברירה איבערבלייבן אויף

„פּעסקי״, וועלכע איז געלעגן נאָענט צום צענטראַלן קאַמפּס-פּלאַץ. אויף אַזאַ אופן האָט זיך אין אונדזער נישט-איבעריקס גרויסן צימער אויף מיטנינסקע גאַס פאַרזאַמלט אַן עולם פון כּמעט אנדערטהאַלבן מנינים סטודענטן, קורסיסטינס און אַנ-דערע יונגעלייט.

דער גאַנצער יונגער עולם איז געווען שטאַרק דענער-ווירט און דערשלאָגן פון די איבערגעלעבטע געשעענישן — און ווי תּמיד אין אַזעלכע פאַלן, האָט מען דעם אינעווייניקסטן ווייטיק און שטורעם געזוכט צו שטילן דורך פאַרשידענע אויס-טערלישע אַנעקדאָטן און מעשׂיות, מיינענדיק אַזוי-אַרום צו פאַרטויבן אין זיך ווייניקסטנס די טרויעריקע געדאַנקען און איבערלעבונגען, וועלכע האָבן יעדן איינציקן געפּייניקט.

ס'איז שוין געוואָרן היפּש שפּעטלעך, ווען דער בעל-הבית פון צימער — אַ געוועזענער סטודענט און איצט אַ מילי-טערישער סאַניטאַר פון דער באַרימטער אין יענער צייט סאַ-ניטאַר-געזעלשאַפט „סעוועראָפּאָמאָשץ״—האָט זיך פּלוצלונג דער-מאָנט, אַז ער האָט באַקומען היינט צוגעשיקט פון דער היים — פון וויטעבסק—אַ פּעקל שלח-מנות לכּבוד פּורים, וועלכן ער האָט נאָך, צוליב גרויס צעטראָגנקייט, אַפילו נישט געעפנט...

דידאָזיקע בשׂורה האָט אַריינגעטראָגן אין דער יונגער געזעלשאַפט אַ שטראָם פון באַגייסטערונג און שׂמחה, און אַלע האָבן זיך מיט לוסטיקע קולות געוואָרפן צו דעם רעטזעלהאַפטן פּעקל, ברענענדיק פון אומגעדולד צו וויסן גיכער וואָס דאָרט איז פאַראַן. צענדליקער הענט האָבן זיך מיט איין מאָל גע-צויגן צו דעם וואונדערלעכן פּעקל און אַ גוטע עטלעכע מינוט איז ער איבערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט, ווייל קיינער האָט בשום-אופן נישט געוואָלט אָפּטרעטן די בכורה צו עפענען דער ערשטער דעם אוצר... סוף-כּל-סוף איז ער דאָך אַריינגעפאַלן

אין די צאַרטע הענט פונם מין-היפה, וואָס האָט מיט גרויס התמדה און ריין-ווייבערישער געשיקטקייט לויז-געמאַכט דעם פּעקל פון אַלע זייגע אומצאָליקע בענדעלעך און שטריקלעך, טיכלעך און פּאַפּירן, מיט וועלכע ער איז אַזוי זאָרגפעלטיק אַרומגעוויקלט געווען, ביז ס'האָבן זיך ענדלעך אַנטפּלעקט פאַר אַלעמענס דורשטיקע אויגן אַ צוויי גוט-געשוואָלענע „המן-טאַשן" מיטן אמתן וויטעבסקער מאָן, דערצו אַן עכט-יידישער שטרודל, געפילט מיט איינגעמאַכטס, אָבער אַזוי צעניזוקט פון די איבער-געקומענע גלגולים, אַז ס'האָט זיך קוים אין אים די נשמה געהאַלטן, ועל-כולם אַ כפול-שמונהדיקער וויטעבסקער לעקעך מיט אַ צוגאָב פון אַ האַלבן מנין פּאָמעראַנצן.

די גאַנצע יונגע קאָמפּאַניע האָט פּלוצלונג פאַרגעסן אָן אַלץ-מיט-אַנאַנדער — אָן דעם העלדישן קאַמף, וועלכער גייט-זשן אפשר מיט עטלעכע שריט ווייטער; אָן דעם גורל פון לאַנד און פאָלק, וועלכער הענגט אפשר אויף משקולת אין דעם מאָ-מענט, און אַלע האָבן, איבערשרייענדיק איינער דעם אַנדערן, גענומען הייס דעבאַטירן, וואָס צו טאָן מיטן שלח-מנות. דערביי האָט מען גראָד פאַרגעסן, אַז ס'איז דאָ אַ בעל-הבית, וועלכער האָט אויך אַ דעה צו זאָגן אויפן שלח-מנות.

אַ יונגער סטודענט — אַ „פּסיכאָנעוראָלאָג", און דערצו דעם בעל-הבית אַ בן-עיר, האָט פון ערגעץ אַרויסגעגראָבן אַן אַלטן לוח און האָט גענומען מיט אותות ומופתים באַווייזן, אַז פורים איז געווען נישט נעכטן און דאַרף זיין נישט מאָרגן און נישט איבערמאָרגן, נאָר טאַקע היינט, באותו לילה, און ווען נישט די היינטיקע מהומה, וואָלט אַוודאי גאַנץ פּעטער-בורג געווען היינט צו דער מגילה אויף לערמאָנטאָווסקי-פּראָ-ספּעקט; ער איז מער ווי זיכער, אַז אין זיין וויטעבסק האָט מען דווקא היינט געשלאָגן המנען, ס'איז דעריבער אַ מצווה

און אויך אַ חוב „שהחיינו" מאַכן איצט איבער דעם שלח-מנות, בפרט אַז ער האָט נאָך פון אינדערפרי אָן נישט טועם-טעם געווען.

די גאַנצע קאָמפּאַניע האָט מיט רוישיקע אַפּלאָדיסמענטן און בראַוואָ-געשרייען צוגעשטימט צו דער אידעע פון „פּסי-כאָנעווראָלאָג" און די מיידלעך האָבן, לוסטיק אונטערטאַנצנדיק, גענומען שנעל אויספּאַקן דעם שלח-מנות אויפן טיש, צוגריי-טנדיק לויט אַלע הידורים אַן אמתע פּורים-סעודה.

ס'האָט נאָר געפעלט אַ ביסל משקה. מ'האָט אָבער דערצו אויך באַלד אַן עצה געפונען און, ציענדיק קניפּלעך, איז גע-פאַלן דער גורל אויפן „פּסיכאָנערווראָלאָג" צוזאַמען מיטן טעכנאָלאָג, אַז זיי דאַרפן קריגן ערגעץ אַ פלעשל ניינציקער. ס'האָט נישט לאַנג געדויערט און מ'האָט געבראַכט צושלעפּן פון דערבייאיקן טראַקטיר אַ טוץ ביר מיט אַ פלעשל אמתן ניינציקער, און די שמחה האָט זיך, אונטערן אַקאָמפּאַנימענט פון אומאויפהערלעכע ביקסן-זאַלפּן, אָנגעהויבן.

אָבער אין דעם מאָמענט, ווען די גאַנצע קאָמפּאַניע האָט זיך שוין פונאַנדערגעזעצט מיושבדיק אַרום די צונויפגערוקטע טישלעך און מ'האָט אָנגעגאָסן די גלעזער, — האָט פּלוצלונג אַ שרעקלעכער קנאַל געטאָן, ווי פון אַ טויזנט-מייליקער חיה, אָבער אַזוי נאָענט, אַז דער גאַנצער 6-שטאָקיקער בנין האָט זיך גענומען טרייסלען, ווי פון אַן ערד-ציטערניש, און די שויבן זענען אין איין אויגנבליק צעשאָטן געוואָרן. דאָס גאַנצע פּיל-הונדערטיקע איינגעשלאָפענע באַפעלקערונג פון ריזיקן בנין איז ראַפּטום באַלעבט געוואָרן און האָט גענומען הודזשען, ווי אַ מילבן-נעסט: מענטשן זענען ווי צעדולטע אַרויסגעשפּרונגען אויף די טרעפּ נאַקעטע, צעשויבערטע, און מיט צעשראָקענע פּנימער געפרעגט איינער ביים אַנדערן, וואָס איז אַזוינס געשען.

אויך אין אונדזער ביזאַהער לוסטיקן קרייזל האָט מען זיך נישט אויף אַ שפּאַס איבערגעשראָקן פון דעם נאָענטן הארמאַטן-קנאַל; די פרויען זענען שרעקלעך בלאַס געוואָרן און האָבן, ציטערנדיק מיט אַלע אברים, געטוליעט זיך צו די מאַנסביל און עפּעס מיט אַ מאָדנער אימה געקוקט אויף די אָקאָרשט פולע גלעזער, וועלכע זענען פונם קלאַפּ אויסגעגאָסן געוואָרן. דער „פסיכאָנעוראָלאָג" האָט אַפילו געפּרוווט מאַכן שפּאַס און געוויצלט זיך, אַז דאָס שלאָגט מען מסתמא המגען, אָבער קיינעם האָט זיך לחלוטין נישט געלאַכט און די שטימונג איז געוואָרן זייער אַ געדריקטע.

לויטן פאָרשלאָג פונם זעלבן „פסיכאָנעוראָלאָג" איז באַשלאָסן געוואָרן צו שיקן אַ „ראַזוויעדקע" צו דערגיין, וואָס טוט זיך אין גאַס. אין דער „ראַזוויעדקע" האָבן זיך פריי־ווילִיק אַרויסגערופן דער „פסיכאָנעוראָלאָג", טעכנאָלאָג, ווי אויך דער בעל-הבית אַליין, וועלכער האָט זיך גענומען אָנצופירן מיט דער „ראַזוויעדקע", מחמת ער האָט לויט זיין אַמט געטראָגן אַן אָפיצירישע אוניפאָרם.

ס'איז אַוועק אַ שעה, און צוויי, ס'האָט שוין גענומען אין דרויסן גוט טאָגן, און די „ראַזוויעדקע" איז נאָך אַלץ נישטאָ צוריק... מ'האָט גענומען שטאַרק באַאומרואיקן זיך פאַר זייער גורל, און באַדויערט, וואָס מ'האָט זיי גאָר אין אַזאַ סכנה געלאָזט.

פון גאַס איז נאָך אַלץ דערגאַנגען אַ שיסעריי פון ביקסן, קוילנוואַרפערס און אָפטמאָל אַפילו קנאַלן פון הארמאַטן. דער זייגער איז שוין 8 און די „ראַזוויעדקע" איז נאָך אַלץ נישטאָ צוריק. ס'איז זיך נישט געזעסן אין שטוב און אַלע ווײַלע איז מען געלאָפן צום פאַרשלאָסענעם אייזערנעם טויער אַ קוק צו כאַפּן דורך די גראַטעס, וואָס טוט זיך אין גאַס.

ערשט פלוצלונג האָט זיך פונדערווייטנס דערהערט דאָס היל־ביקע קלאַפּן פון אַן אויטאָמאָביל, וועלכער איז ווי אַ טייוול געפלויגן דורך מיטנינסקע גאַס, האָבנדיק אויף די פליגלען פון די רעדער צוויי סטודענטן, באַוואָפנטע מיט ביקסן אין די הענט, און ביים רול — אונדזער בעל־הבית — דעם „סעוועראָפּאָ־מאָשצניק" אין דער באַגלייטונג פון 3 סאָלדאַטן און אַ שאָפער. דער אויטאָמאָביל האָט זיך באַלד טאַקע אָפּגעשטעלט ביי אונ־דזער טויער און מיר האָבן אין די געסט דערקענט אונדזער „ראַזוויעדקע".

אַלע שכנים פון הויף, ווי אויך אונדזער קליינע קאָמ־פּאַניע, האָבן זיך מיט פרייד געוואָרפן קושן און האַלדזן די חברים פון „יענער וועלט"... פון אַלע זייטן האָבן זיך געשאָטן נייגעריקע פראַגן און ביטעס צו דערציילן וואָס ס׳קומט־פאָר אין שטאָט. קומענדיק אַ ביסל צו־זיך פונם שטורמישן קבלת־פנים, האָבן אונדז די „ראַזוויעדטשיקעס" דערציילט אַלע פּאַ־סירונגען פון דער שרעקלעכער „ליל־שמורים".

וועגן די טויזנטער קרבנות, וועלכע זענען אין דער אימה־דיקער נאַכט געפאַלן פון פאָלק, וועגן די טייכן בלוט, וואָס די פּאָלקס־פאַררעטער האָבן פאַרגאָסן איבער די גאַסן פון דער רעזידענץ־שטאָט; ס׳האָט שוין שיר נישט געהאַלטן, אַז דאָס פאָלק זאָל פאַרשפּילן זיין העראָאישע אומגלייכע שלאַכט קעגן דעם שטאַרק־באַוואָפנטן שונא, נאָר דאָ איז אַן אויסערגעוויינלעכער נס געשען און 3 פּולקן פון די דערבייאיקע גוואַרדייאישע קאַזאַרמעס האָבן זיך אָפּגעזאָגט אַרויסצוטרעטן קעגן פאָלק און זענען אַרויס באַוואָפנטע אויפן גאַס צו דעמאָנסטרירן זייער סאָ־לידאַריטעט מיטן אויפשטענדיקן פאָלק. צו זיי איז אויך צוגע־שטאַנען די יונגע אָפיצירן־שול פון געוועזענע סטודענטן, וועלכע האָבן מיט זיך פאַרכאַפּט אַ 6־צאָליקן האַרמאַט און דורך דעם

גרויסן קנאַל, וועלכער האָט אין אונדזער הויז אויסגעזעצט אַלע שויבן, אָנגעזאָגט דעם פאָלק, אַז די רעוואָלוציע האָט זיך אָנגעהויבן. דאָס האָט גלייך אַנטשיידן דעם אויסגאַנג פונם גרויסן צוויי־קאַמף צווישן פאָלק און דער זעלבסט־הערשונג; דאָס פאָלק האָט טריט נאָך טריט דערקעמפט איין פּאָזיציע נאָך דער אַנדערער און האָט שוין איצט אין זיינע הענט דעם ווינטער־פּאַלאַץ, אַלע געווער־און אַמוניציע־אַרסענאַלן, די אַד־מיראַלטייסטווע, און שטורעמט איצט די לעצטע ציטאַדעל — די פעסטונג פון פּעטראָפּאַוולאָווסק...

די בשורה האָט אַרויסגערופן אַ גוואַלדיקע שמחה צווישן אַלע שכנים פון הויף; מ׳האָט געטאַנצט פון גליק און געוואָרפן זיך קושן און האַלדזן די סטודענטן און סאָלדאַטן.

מיט גרויס מי האָבן אונדזערע ראַזוויעדטשיקעס און די סאָלדאַטן קוים אַרויסגעריסן זיך פון דעם נייגעריקן המון און, פאַרשמאַכטע, הונגעריקע, אויפגעהויבן זיך אין צימער פון אונדזער וויטעבסקער „סעוועראָפּאָמאָשצניק”, וואו ס׳איז פאַר־יתומט געבליבן די געגרייטע פורימדיקע סעודה מיט די אויס־געגאָסענע גלעזער משקה. דער יונגער עולם האָט אויף גיך פון־ס׳ניי אָנגעגאָסן די גלעזער; די מיידלעך האָבן לעבעדיק גענומען סערווערן, איינטיילנדיק די גרעסטע חלקים פון די „המן־טאַשן” און לעקעך די טויט־הונגעריקע סאָלדאַטן, און אַלע האָבן געמאַכט לחיים, טרינקענדיק אויף ברודערשאַפט מיט די פשוטע סאָלדאַטן...

דער יונגער עולם איז באַלד דערוואַרעמט געוואָרן פונם 90־ער מיטן גוטן פורימדיקן צובייסן און ס׳האָט זיך פאַרגלוסט צו זינגען מיטאַמאָל זינגען, טאַנצן, כדי אויסצודריקן די גרויסע פרייד, וועלכע ס׳האָט געבורויזט אין די יונגע הערצער.

כ׳טרינק פאַר המנס מפלה!—האָט פּלוצלונג אין פשוטן

יי־יש אויסגעבראַלט דער „פסיכאָנעוורעלאָג״, און אַלע, אפילו די קריסטלעכע סאָלדאַטן, האָבן אונטערגעכאַפּט דעם אויסגע־שריי מיט אַ שטורמישן הורא.

— חברים! — האָט שוין זייענדיק אַ ביסל בגילופין גע־שריען דער „פסיכאָנעוורעלאָג״.—האָב איך דען נישט אמת גע־זאָגט, אַז היינט איז פּורים? טאָ זינגט.זשע אויב אַזוי:

„הערט, בחורים, היינט איז פּורים,
נישט פאַרגעסט, נישט פאַרגעסט!
זייט-זשע מקיים, מאַכט לחיים!
פון דאָס בעסט, פון דאָס שענסט״...

און דער גאַנצער יונגער פריילעכער עולם האָט מונטער אונטערגעכאַפּט דעם רעפרען פון דעם באַוואוסטן פּורים-לידל:

„אָרור המן, אָרור המן!
ליאַ—ליאַ—ליאַ״...

דער „פסיכאָנעוורעלאָג״ איז וואָס ווייטער אַלץ מער צריין אין עקסטאַז און האָט מיט אַלע כוחות, ביז הייזעריק, צלץ געזונגען:

„שיסלען, פלאָדן אָנגעלאָדן
שטייען גרוס, שטייען צרום —
נאָר אַ שיכּור איז בעיקר
ניכטער היינט, ניכטער היינט...
זייט-זשע מקיים, מאַכט לחיים,
ליבע פריינט, ליבע פריינט!״

און דער גאַנצער עולם האָט ווידער אונטערגעכאַפּט דעם לוסטיקן רעפרען:

„אָרור המן! אָרור המן!
ליאַ—ליאַ—ליאַ!״...

# „מאַדאַם וואַסערמאַן"

אָדער

# ביי אַ משומד צום סדר

בשעת כ'בין צום ערשטן מאָל געקומען דאָרט דינגען אַ צימער, האָב איך אויף דער פראָנט-טיר געפונען אין רוסיש אַ קורצע אויפשריפט: „סעמיאָן מיכאַילאָוויטש וואַסערמאַן". געעפנט האָט מיר די ווירטין אַליין—אַ הויכע, נאָך גאָר אַ יונגע פרוי, אַ בלאָנדינע, מיט אַ בלאַסן סימפּאַטישן געזיכט און מיט אַ כאַראַקטעריסטיש-אַרויסגעשפּיצטן נעזל, וואָס האָט אויסדריקלעך עדות געזאָגט וועגן דער טיפּישער אָפּשטאַמונג פון דער „מאַדאַם וואַסערמאַן"...

כ'בין מיט דער ווירטין אויף גיך דורכגעקומען וועגן מקח, איינגעצאָלט איר פאַר אַ חודש פאָרויס, און אין אַ פּאָר שעה אַרום שוין געווען מיט מיין קליינעם באַגאַזש אין דער נייער דירה.

כ'בין זייער צופרידן געבליבן פון מיין נייעם צימער, ווי אויך פון דער ווירטין, וועלכע האָט פון דעם ערשטן אויגנבליק געמאַכט אויף מיר אַ גוטן איינדרוק.

אויף מאָרגן האָט די ווירטין גאַנץ פרי אָנגעקלאַפּט צו מיר אין צימער און, אַנטשולדיקנדיק זיך, געבעטן מיין פּאַס איינצומעלדן אים. זי האָט זייער אויפמערקזאַם איבערגעקוקט, אין מיין קעגנוואַרט, אַלע דאָקומענטן, וואָס כ'האָב איר דערלאַנגט, און אָפּשטעלנדיק זיך לענגער מיט די אויגן אויף דעם פאָדערשטן בלעטל פונם פּאַס, וואו ס'איז געווען אָנגעוויזן דער סמך פון מיין פּעטערבורגער יידישן וואוינרעכט, האָט זי צום סוף מיט אַ קוים מערקבאַרן שמייכל געזאָגט:

— וואונדערבאַר! נעכטן האָב איך אייך בשום-אופן נישט אָנגענומען פאַר אַ ייד...

דידאָזיקע באַמערקונג האָט מיך גאַנץ אומגעריכט געטראָפן. פילנדיק זיך עטוואָס באַליידיקט, האָב איך געפרעגט:

— נו, און ווען איר ווייסט, למשל, פּאָרויס, אַז כ'בין אַ ייד—וואָלט איר מיר דעם צימער נישט פאַרדונגען?

— ניין, אדרבה, — האָט זי האַלב אין שפּאַס, האַלב תמימותדיק געענטפערט: — מיין מאַן, סעמיאָן מיכאַילאָוויטש, שטאַמט אויך פון יידן...

דערדאָזיקער ענטפער האָט מיך שטאַרק פאַראינטריגירט און כ'בין פון דעם מאָמענט אָן נייגעריק געוואָרן צו באַקענען זיך נעענטער מיט איר מאַן. נאָר ס'זענען אַוועק עטלעכע וואָכן און כ'האָב אַלץ די געלעגנהייט נישט געפונען.

ערשט איינמאָל פאַרטאָג, ווען כ'בין נאָך געשמאַק געשלאָפן, האָב איך פלוצלונג דערהערט צוויי שטאַרקע קלעפּ אין מיין טיר. נישט טויט, נישט לעבעדיק, בין איך געשווינד אַראָפּגעלאָפן פון בעט, אין איין וועש, און האָב געפרעגט: ווער קלאַפּט דאָרט? הינטער דער טיר האָט זיך באַלד אָפּגערופן אַן ענערגישע מענערישע ברוסט-שטים, וואָס האָט האַלב אין ערנסט, האַלב אין שפּאַס געענטפערט: — „דאָס בין א י ך

סעמיאָן מיכאַילאָוויטש—אייער ווירט". און, אָנרופנדיק מיך ביי מיין פאַמיליע-נאָמען, האָט די שטים ווייטער גערעדט: „ווי, איר שלאָפט נאָך? אויפן גאַס קערן זיך וועלטן — און ער וואַרעמט גאָר די פערענע! אין שטאָט איז אַ רעוואָלוציע, דעם צאַר — אַראָפּגעזעצט, די רעגירונג אַרעסטירט, און דאָס גאַנצע פאָלק קלייבט זיך אין גאָסוד. דומע... טוט-זיך-אָן שנעל, וועלן מיר גיין אין שטאָט אַריין געוואויר-ווערן, וואָס הערט זיך!.."

די אויסערגעוויינלעכע בשורה האָט מיך אינגאַנצן אויסגעטשוכעט פון שלאָף און כ'האָב געשווינט גענומען אָנטאָן זיך. אין אַ משך פון פינף מינוט בין איך שוין געווען אָנגעטאָן, אַרומגעוואַשן און בין אַרויס צו סעמיאָן מיכאַילאָוויטשן, וועלכער האָט אויף מיר געוואַרט שוין אין אַ מאַנטל.

סעמיאָן מיכאַילאָוויטש, — אַ שוואַרצער הויכער ברונעט מיט אַן ענערגישן געזיכט, וואָס איז גיכער ענלעך געווען צו אַ גרוזין איידער צו אַ יידן,—האָט מיך באַגעגנט, ווי אַן אַלטן באַקאַנטן, און פאַמיליאַר געדריקט די האַנט. זיין פרוי איז שוין אויך געווען וואַך און האָט אונדז מוטערלעך אַרויסבאַגלייט ביזן טיר, אָנזאָגנדיק, אַז מיר זאָלן למע"ה זיין פאָרזיכטיק, ווייל די „פאַראַאָנעס" שיסן נאָך אַלץ פון די בוידעמער און דעכער...

כ'האָב מיט סעמיאָן מיכאַילאָוויטשן אַרומגעדרייט זיך אין שטאָט כמעט אַ גאַנצן טאָג, ביז סאַמע אָוונט: געווען אויף אַלע געפערלעכע קאַמפס-פלעצער, דערגרייכט אַפילו ביזן ווינטער-פאַלאַץ אין פעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג, באַזוכט די גאָסודאַרסטווענע דומע, געזען די אַרעסטירטע מיניסטאָרן, געכאַפט אַ קוק אויף די געפאַנגענע „געכטיקע תקיפים" שטיורמער, פראָטאָפּאָפּאָוו און שצעגלאָוויטאָוו, געהערט די פייער-

דיקע רעדעס פון ראָדזיאַנקאָ, מיליוקאָוו און ראָדיטשעוו און די נאָך פייערדיקערע רעוואָלוציאָנערע „ספּיטשן" פון די פּאָפּו־לערע דאַן פאָלקס־טריבונען—קערענסקי און טשכעאידזע.

אויף סעמיאָן מיכאַילאָוויטשן האָט געברענט ממש די הויט. ער איז ווי פאַרשיכורט געוואָרן פון דעם אַלעם, וואָס ער האָט געהערט און געזען, און אים האָט זיך גאָר נישט גע־גלוסט אַהיים גיין. ביי יעדן רעדל איז ער באַלד אויסגע־וואַקסן אין צענטער, אומעטום דורשטיק אויפגעכאַפּט וואָס מ'דערציילט און אַליין אויך עפּעס דערציילט, זשעסטיקולירנדיק הייס מיט די הענט, געטשאַדלט און געדראָט מיט די פויסטן אויפן אַדרעס פון די „פּאַראַזאַנעס" און דעם צאַר...

שפּעט אינאָוונט האָבן מיר, פאַרמאַטערטע און הונגעריקע, זיך צוריקגעקערט אַהיים.

פון דאַמאָלט אָן בין איך מיט סעמיאָן מיכאַילאָוויטשן זייער נאָענט אויפגעבונדן געוואָרן. ער פלעגט גאַנצע אָוונטן אָפּזיצן אין מיין צימער, פירנדיק מיט מיר לאַנגע וויכּוחים אויף פּאָליטישע און אַנדערע טעמעס.

איינמאָל, ווען כ'בין געקומען שפּעט ביינאַכט אַהיים, האָב איך געפונען ביי זיך אין צימער סעמיאָן מיכאַילאָוויטשן אַ ביסל אַ צעטראָגענעם, אַ דענערווירטן. ער האָט זיך פאַר מיר אַנטשולדיקט, וואָס ער געפינט זיך אַזוי שפּעט אין מיין צימער, און האָט מיר דערציילט, אַז ער האָט דאָ נישט־לאַנג געהאַט אַ שאַרפן סיכסוך מיט זיין ווייב... דער סיכסוך איז אַנטשטאַנען צוליב עפּעס אַ קלייניקייט – אַ חילוקי־דעות אין אַ פּאָליטישער פראַגע...

ער פילט אָבער, – זאָגט ער, – ווי זיין ווייב ווערט פון טאָג צו טאָג אַלץ מער דורכגעדרונגען מיט אַנטיסעמיטישע גע־

פילן–און דאָס קען ער בשום-אופן נישט דולדן... דערביי האָט ער מיר פאָרטרויט פאָלגנדע געשיכטע:

ער איז אַליין אַן אָדעסער. געקומען איז ער אַהער מיט עטלעכע יאָר צוריק, און נישט-האָבנדיק דאָ קיין וואוינרעכט, האָט ער אָנגענומען דעם עוואַנגעלישן גלויבן... לויט זיין ספעציאַליטעט איז ער אַ דראָגיסט און האָט געהאַנדלט מיט פאַרפומעריע. באַלד ווי ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער קריג, איז אים געלונגען צו באַקומען אַ קאָנצעסיע אויף ספּירט און ער האָט דאָ געעפנט אַן אָדעקאָלאָן-זאַוואָד, וועלכער גייט זייער גוט. מיט זיין איצטיקער ווייב, נאַטאַליאַ איוואַנאָוונאַ, האָט ער זיך באַקענט מיט אַ פּאָר יאָר צוריק–זי האָט ביי אים געדינט אַלס קאַסירשע–איז זי אים זייער געפעלן געוואָרן און ער האָט מיט איר חתונה געהאַט... זיינע עלטערן ווייסן נישט דערפון. אָבער איצט, בעת ס'האָט זיך „געעפנט אַ וועלט״, און יידן קענען פראַנק-און-פריי פאָרן וואוהין זיי ווילן – קען אַליאַדע טאָג קומען אַהער ווער פון זיין משפחה – אַ ברודער אָדער אַ שוועסטער און אפשר די מאַמע אַליין–און דאַן–דאַן דערוויסן זיך אַלע פון זיין סוד... זינט דער רעוואָלוציע איז ער אויס מענטש–ער שלאָפט נישט און עסט נישט, און ווי נאָר עפּעס–רעגט ער זיך אויף... ער פילט, אַז ער קען אַזוי ווייטער נישט לעבן...

ער האָט מיר ווייטער דערציילט, אַז ער איז שוין געווען ביים ראַבינער און איז געוואויר געוואָרן וועגן אַלע נויטיקע פאָרמאַליטעטן, ווי צוריק צו ווערן אַ ייד; אָבער דאָס איינציקע, וואָס אים דריקט, איז–נאַטאַליאַ איוואַנאָוונאַ. צעשיידן זיך מיט איר אינגאַנצן קען ער נישט–זיין געוויסן פּלאָגט אים, אויסער-דעם האָט ער זי האָלט און זי אים אויך...

ס'איז נישט אַריבער קיין וואָך צייט זינט דעמדאָזיקן

אינטימען געשפּרעך, ווי איינמאָל, זיצנדיק אַזוי אינאָוונט ביי זיך אין צימער, האָט זיך פּלוצלינג אויפגעפּראַלט די טיר, און אָן שום וואָרנונג אַפילו האָט זיך אַריינגעריסן צו מיר סעמיאָן מיכאַילאָוויטש. ער האָט מיך פאַמיליאַר־ברידערלעך אַרומגענו־מען און האָט אָנגעהויבן אויף זיין אָדעסער שטייגער גיך שיטן מיט ווערטער: — ברודערל, טייערינקער! אויף אייך שטייט די וועלט—איר מוזט מיר די־מינוט צוזאָגן, אַז איר וועט ביי מיר זיין פּסח צו די סדרים — כ׳וועל אייך אייביק נישט פאַרגעסן די טובה!..

זיין פאָרשלאָג האָט מיך איבעררעשט. כ׳האָב געפּרוווט עפּעס זאָגן, נאָר ער האָט מיר פאַרמאַכט דאָס מויל מיטן האַנט און, אַרויסכאַפּנדיק אַ פּאַפּירל פון בוזעם־קעשענע, האָט ער מיר געמאָלדן, אַז ער האָט אָקאָרשט באַקומען אַ טעלעגראַמע פון אָדעס, אַז זיין שוועסטער מיטן מאַן, מיט וועלכן זי האָט דאָ נישט־לאַנג חתונה געהאַט, פאָרן צו אים צו־גאַסט אויף פּסח...

כ׳האָב אַ קורצע ווײַלע זיך געשלאָגן מיט דער דעה און ענדלעך געגעבן מיין הסכמה.

אין אַ פּאָר טעג אַרום זענען די געסט ווירקלעך געקו־מען. ביי סעמיאָן מיכאַילאָוויטשן אין שטוב האָט זיך געשפּירט דער אמתער ערב־יום־טוב. סעמיאָן מיכאַילאָוויטש אַליין איז גאַנצע טעג אַרומגעלאָפן מיט דער שוועסטער און מיטן שוואָ־גער איבער די געשעפטן און האָט אַלץ איינגעהאַנדלט אויף פּסח. נאַטאַליאַ איוואַנאָוונאַ איז אַרומגעגאַנגען אַ ברוגזע איבערן שטוב און האָט אויסגעזען איך כּעס צו דער דינסט; אָבער אין דער אָנוועזנהייט פון מאַן און פון די געסט האָט זי קיין זאַך נישט אַרויסגעוויזן.

ערב דעם ערשטן „סדר“ בין איך געקומען פריער, ווי געוויינלעך, אַהיים, אויסגעפּוצט זיך אין מיין וויזיט־קאָסטיום

און, געשפּאַנט אַ ביסל פון נייגעריקייט, האָב איך זיך געזעצט וואַרטן אויף דעם אָריגינעלן „סדר". סעמיאָן מיכאַילאָוויטש האָט זיך, אַפּנים, נישט געקענט דערוואַרטן אויף מיר און איז אַליין געקומען מיך רופן.

ער האָט מיך אַריינגעפירט אונטערן האַנט אין זיין גרויסן עס־צימער, וואָס איז געווען באַלויכטן אויף אַלע לאָמפּן. דער לאַנגער טיש איז געווען יום־טובדיק אויסגעפּוצט מיט לעבעדיקע בלומען, ערשט פון אַראַנזשעריי געבראַכט, מיט מצות און מיט אַ גאַנצן באַרג פלעשער ווין פון פאַרשידענע גרויס און פאָרם, צווישן וועלכע ס'האָבן זיך געוואָרפן אין די אויגן צוויי פלעשער „כּרמל" מיטן אויפשריפט: „כּשר לפּסח". ער האָט מיך אַוועקגעזעצט נעבן זיך פון רעכטס, באַמערקנדיק אין שפּאַס, אַז כ'וועל זיין היינט זיין מלכּה, ווייל נאַטאַליאַ איוואַנאָוונאַ פילט זיך עפּעס נישט מיט אַלעמען... און ווירקלעך, האָט נאַטאַליאַ איוואַנאָוונאַ איצט אויסגעזען בלאַסער, ווי אַלע־מאָל, און מיט טונקעלע רעדער אונטער די אויגן... זי האָט זיך אַפילו יום־טובדיק אויסגעפּוצט לכּבוד דעם יידישן „פּאַסחאַ", אָבער אין אַלע אירע באַוועגונגען האָט זיך געפילט, אַז איר דריקט עפּעס אַ שווערע משא אויפן האַרצן... דערפאַר איז אָבער סעמיאָן מיכאַילאָוויטש געווען אין אַן אויסגעצייכנטער שטימונג; ער האָט גערעדט אָן אַ שיעור, לוסטיק געוויצלט זיך מיט זיין שוועסטער און מיטן שוואָגער, געקאָמאַנדעוועט ווי אַן עכטער „מלך", געשפּאַסט זיך מיט נאַטאַליאַ איוואַנאָוונאַ, ווי מיט עפּעס אַ שטוב־מיידל, געבייזערט זיך יעדעס מאָל, פאַרוואָס פעלט דאָס, פאַרוואָס יענץ, — און נאַטאַליאַ איוואַנאָוונאַ האָט אַלץ הכנעהדיק געפאָלגט, אויספירנדיק, ווי אַן אַווטאָמאַט, אַלע זיינע באַפעלן...

סעמיאָן מיכאַילאָוויטש האָט דערלאַנגט די מאַנסביל ניי־

אינקע „הגדות״, וואָס ער האָט ערשט היינט געקויפט אין אַ יידישער בוכהאַנדלונג אויף פּעטערגאָווסקי-פּראָספּעקט, און מיר האָבן זיך געזעצט פּראַווען דעם „סדר״...

סעמיאָן מיכאַילאָוויטש האָט געזאָגט די הגדה אויף אַ קול, מיט אַ ספּעציפישן אָדעסער ניגון, און האָט זיך געביי-זערט, פאַרוואָס מיר זיצן, ווי די שטומע...

בעת ער איז צוגעקומען צום „שפוך חמתך על הגויים״ און האָט זיך אויפגעשטעלט פון זיין אָרט, האָט זיך פון צווייטן צימער פּלוצלונג דערהערט אַ היסטעריש כליפּען –

דאָס האָט געוויינט נאַטאַליאַ איוואַנאָוונאַ...

# דער עוכר־ישראל

## I

אין דער שטאָט מ. האָט זיך צוגלייך מיט דער צניעות־דיקער קדושה אויך די סיטרא אחרא באַזעצט — אין דער פּערזאָן פונם באַוואוסטן עוכר־ישראל, ימח שמו:

אַ ייד — אַ לערער פון „זאַקאָן באָזשי" אין דער מ—ר רעאַל־שול איז ער געווען. האָט זיך דערדאָזיקער עוכר־ישראל קונה־שם געווען נישט אַזוי מיט זיינע אויפטוען פאַר דער דערציאונג פון יונגן דור, ווי מיט זיינע גיפטיקע דרשות און יידנפיינדלעכע אַרטיקלען, וואָס ער האָט געדרוקט אין דעם אָרטיקן אָפיציעלן שוואַרץ־מאהדיקן בלעטל און אין קרושעוואַנס „בעסאַראַביעץ", וואָס האָט בשעתו זייער פיל צרות און עינויים פאַרשאַפט דעם יידישן פאָלק.

האָט טאַקע „נאַטשאַלסטווע" אָפּגעשאַצט די גרויסע פאַרדינסטן פונם עוכר־ישראל — און בעת דער מ—ר ראַבינער איז, צוליב עפּעס אַ בלבול וועגן פאַלשע מעטריקעס פאַר „פּריזיוו־ניקעס", צייטווייליק אַראָפּגעזעצט געוואָרן פון זיין אַמט, האָט דער גובערנאַטאָר פון דער שטאָט מ. — אַ מיליטער־מאַן און

דערצו א גרויסער צורר-ישראל — באַשטימט אַלס ראַבינער אַט דעמדאָזיקן עוכר-ישראל.

די יידישע באַפעלקערונג האָט געשטורעמט פון צאָרן און אויפרעגונג, אָבער גרויסווייזן עס האָט מען מורא געהאַט, ווייל גרויס איז דאַן געווען דער פחד פאַר דעם צורר — דעם גובערנאַטאָר און זיינע סאַטראַפּן...

און ער, דער עוכר-ישראל?

ער האָט אויך נאָכדעם נישט אויפגעהערט זיין נידער-טרעכטיקע אַרבעט — צו שענדן דעם יידישן נאָמען און יידישן כבוד בפרהסיא...

און פונקט ערב-פסח האָט אָט דער ניי-געזאַלבטער „ראַ-בינער" צוגעטראָגן דער מ-ער קהלה אַ פרישע „מתנה": ער האָט, נעמלעך, אויסגעגראָבן פון שטויב דעם אַלט-נייעם עלילת-דם און מיט „אותות ומופתים" געקליגט זיך צו באַווייזן, אַז יידן ברויכן בלוט אויף מצה.

דאָס, וואָס דער בלבול האָט געשטאַמט פון אַ יידן און דערצו נאָך פון אַן אָפיציעלער פערזאָן — אַ ראַבינער — האָט איבעראַל געמאַכט אַ שטאַרקן רושם. די יידישע שונאים האָבן, כנהוג, אויסגענוצט דעם בלבול, כדי צו העצן דעם קריסט-לעכן המון קעגן יידן...

ס'איז געווען דאַן אַן אומרואיקע צייט: דאָס גאַנצע לאַנד האָט זיך געפונען אונטער דעם שווערן איינדרוק פון די גרויסע מפלות, וואָס דאָס רוסישע מיליטער האָט כסדר געליטן אויפן וייטן רוסיש-יאַפּאַנישן פראָנט. האָבן די דעמאָלטיקע מאַכטהאַ-בער זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם בלבול, כדי צו אָפּווענדן פון זיך דעם צאָ־ן פון פאָלק...

די קריסטלעכע באַפעלקערונג פון דער שטאָט מ. האָט געקריצט מיט די ציין — און די יידן זענען, כנהוג, אַרומגע-

גאַנגען אָבל וחפוי-ראש, האָבן געציטערט פאַר יעדן שיכּור און כּוליגאַן און זענען מערסטנסטייל געלעגן באַהאַלטן אין די שטיבער, אויסמיידנדיק צו באַווייזן זיך „זיי" אויף די אויגן...

ויהי היום האָט דער צורר, דער מ-ר גובערנאַטאָר, לויט אַ באַפעל „פון אויבן", געלאָזט וויסן די יידישע פאָרשטייער, אַז מ'זאָל אָפּריכטן אַ תּפילה אין די יידישע בתּי-מדרשים וועגן דעם נצחון פונם רוסישן מיליטער. די יידן האָבן דעם „פּריקאַז", נאַטירלעך, געפאָלגט און צו דער באַשטימטער צייט איז די גרויסע שול פון דער שטאָט מ. געפּאַקט געוואָרן פון אַ פּיל-טויזנטקעפּיקן עולם.

דער גובערנאַטאָר אַליין איז אויך געקומען אין שול און מיט אים דער גאַרניזאָן-נאַטשאַלניק, דער פּראָקוראָר, דער פּאָליצמייסטער מיט נאָך פּיל הויכגעשטעלטע שררות און בתוכם אויך דער עוכר-ישראל...

טיף פאַררוקט אין אַ ווינקל, ביים ארון-קודש, איז צוזאַמען מיט אַלע יידישע פאָרשטייער געשטאַנען אויך דער דאָקטאָר יאַקוב אַנאַטאָל-עוויטש, אַרומגערינגלט פון אַ גרופּע יונגצלייט, וואָס האָבן זיך מיט אים קיינמאָל נישט געשיידט.

נאָך דער תּפילה פונם שטאָט-חזן מיטן כאָר האָט דער גובערנאַטאָר געהאַלטן פאַרן עולם אַ פּאַטריאָטישע רעדע און גערופן די יידישע באַפעלקערונג מקריב צו זיין דאָס לעבן און האָב-און-גוטס „פאַרן וואויל פונם קיסר, טראָן און פאָטערלאַנד"...

און באַלד דערויף האָט זיך אויפן בימה פאַר דער גאַנצער עדה באַוויזן דער עוכר-ישראל — אין אַ צילינדער און מיט אַ זיידענעם טלית אויפן האַלז...

זיין אומגעריכטע דערשיינונג האָט געווירקט אויף אַלעמען

מען, ווי אַ דונער. דער גאַנצער עולם איז אויפגעציטערט געוואָרן פון אויפרעגונג און צאָרן, אָבער קיינער האָט דאָך נישט געוואַגט אַראָפּצושליידערן דעם מנוול פון דעם מקום-קדוש...

אַ ווײַלע האָט אין שול געהערשט אַ טויטע שטילקייט, אַ שטילקייט, ווי פאַר אַ שטורעם...

אָבער אָט האָט זיך, ווי אַ וויכער, אָפּגעריסן עמעץ פון ווינקל ביים אָרון-קודש און מיט צעשויבערטע האָר, די הויט אויף דער פּאַטילניצע, האָט ער זיך מיט אַ געוויש אַ שטעל-אויף געטאָן אויף דער בימה — און אַלע האָבן דערזען פאַר זיך יאַקוב אַנאַטאָליעוויטשן: פון זיינע אויגן האָבן געשפּריצט פייער-פונקען, זיינע צעשויבערטע האָר זענען שטאַרק אויפגעשפּיצט געוואָרן און פון זיין גאַנצן וועזן, וואָס האָט דערמאָנט עפּעס אַ לעגענדאַרן אויסטערלישן העלד, האָט געווייט מיט מוט און אַנטשלאָסנקייט.

דער עולם האָט זיך אינסטינקטיוו אַ וואָרף געטאָן צו דער בימה, אָבער כהרף-עין האָט זיך דערהערט אַ מעכטיקער קלאַפּ איבערן בעלעמער און באַלד דערויף אַ ווילדער אויסגעשריי: — „אַראָפּ, מנוול!“ און אַ פול מויל מיט שפּייעכץ איז געפלויגן אין פּרצוף פונם עוכר-ישראל...

דער גאַנצער עולם האָט זיך לכתחילה פאַרלוירן און איז אַ ווײַלע געשטאַנען פאַרווירט, נישט פאַנאַנדערקלויבנדיק זיך אין דער פּלוצלונגדיקער געשעעניש. אָבער באַלד האָט דער גאַנצער טויזנטקעפּיקער עולם אויפגעברויזט, ווי אַ שטורעמדיקער ים, און טויזנטער מיילער האָבן אונטערגעכאַפּט דעם צאָרנדיקן אויסגעשריי:

— אַראָפּ, מנוול! אַראָפּ, עוכר ישראל!

און ווי אַן עכאָ האָט אָפּגעהילכט אונטער די אַלטע

געוועלבטע סופיטן פון דער רחבותדיקער שול: „דאָלאָי! דאָלאָי!..״

דער גובערנאַטאָר צוזאַמען מיט אַלע הויכע געסט האָבן אין שרעק פאַרלאָזן די שול, אַרויסגנבענענדיק זיך דורך אַ הינטערטיר פון הויף...

צו אָוונט-צו איז אין שטאָט באַוואוסט געוואָרן, אַז דער גובערנאַטאָר האָט באַפוילן: „אין 24 שעה אַרויסשיקן יאַקוב אַנאַטאָליעוויטשן״...

יאַקוב אַנאַטאָליעוויטש האָט פאַר זיין דרייסטקייט צו-טייער באַצאָלט—ער איז, לויט אַ באַפעל פון פעטערבורג, פאַר-שיקט געוואָרן אין דעם קאַלטן און ווייטן צפון-סיביר...

דערפאַר אָבער איז מען אויך פון דעם עוכר-ישראל אינגיכן פטור געוואָרן...

## II

דאָס איז געשען באַלד נאָך דער מעשה אין דער גרוי-סער שטאָט-שול.

די גאַנצע שטאָט האָט געקאָכט מיט דער אויסערגעוויינ-לעכער פאַסירונג. יידן זיינען אַרומגעגאַנגען צעטראָגענע מיט פאַרזאָרגטע פנימער און האָבן זיך געשראָקן פאַרן מאָרגנדיקן טאָג.

„אַזוי גלאַט וועט דאָס אונז נישט אַראָפגיין״ — האָט מען געשמועסט אין שטאָט: „אַ קלייניקייט, אָנהויבן זיך מיט דעם עוכר-ישראל! די נאַטשאַלסטווע וועט דאָס זיכער נישט פאַר-שוויגן... דער גובערנאַטאָר אַליין איז דאָך פאַר אים שטאָל און אייזן! און ווער האָט אים פאַר אַ ראַבינער געזאַלבט, אויב

נישט ער?.. אין אַ שלעכטער שעה האָט מען פּאַרקאָכט אַזאַ קאַשע!.. מילא, וואָלט עס נאָך געשען אין אַ פינסטערן ווינקל, ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפן געסל, וואו קיינער זעט נישט, וואָלט עס נאָך געווען אַ האַלבע צרה. אָבער אין מקום־קדוש, און נאָך ווען? בעת דער פייערלעכער תפילה פאַר דער קייזערלעכער פאַמיליע און אין דער אָנוועזנהייט פון דער גאַנצער נאַטשאַלסטווע מיטן גובערנאַטאָר בראש — אַזוינס וועט מען אונז בשום אופן נישט מוחל זיין... און סתם צו וואָס האָט מען עס געדאַרפט? נו, האָט מען אים אָנגעשפיגן אין פּנים, דעם עוכר־ישראל, נו, האָט מען געשריִען „דאָלאָי”—ווערט אַוודאי אַזוינער נתפּעל? דאָס איז נאָר אייל געגאָסן אויפן פייער — הלוואַי זאָלן מיר ליגן זאָגן, — דער עוכר־ישראל וועט זיך אָן אונז ביטער נוקם זיין דערפאַר”...

אָט אַזוי האָבן געטענהט די מ.־ר יידן און האָבן מיט שוים אויף די ליפּן געבייזערט זיך אויף דער „יונגער חברה”, וואָס וויל אומבייטן דעם סדר־העולם...

מער פון אַלעמען האָט מען, נאַטירלעך, מתרעם געווען און געקריצט מיט די ציין אויף דעם אייגנטלעכן שולדיקן פון דער גאַנצער פּאַסירונג אין שול — אויף יאַקוב אנאטאָלעוויטשן.

— „קיין אַנדערע דאגות האָט ער גאָרנישט — דער יאַקוב אַנאַטאָליעוויטש! ניעכאַי, וואָלט ער בעסער אויף זיין פּראַקטיקע מער געקוקט — אַ קלייניקייט — אַ דאָקטאָר איינער אין דער מדינה — ווען ער וואָלט זיך אויפגעפירט ווי ס׳דאַרף צו זיין און נישט פאַרדרייט זיך מיט דער „חברה”, וואָלט ער דאָך אין גאָלד געקענט גיין... דער מענטש שפּילט זיך מיט פייער—ער וועט נאָך, שונאי ציון, אין סיביר פאַרפוילט ווערן”...

פונדעסטוועגן, בעת אין שטאָט איז אין אַ פּאָר טעג

אַרום באַוואוסט געוואָרן, אַז יאַקוב אַנאַטאָליעוויטש איז, לויט אַ פאַראָרדנונג פון גובערנאַטאָר, פאַרשיקט געוואָרן אין סיביר,— האָט זיך די שטימונג שנעל געביטן. די ידיעה האָט אַלעמען געטראָפן, ווי אַ דונער: יידן האָבן תעניתים געפאַסט, גע־זאָגט תהילים אין די בתי־מדרשים, געקליבן זיך אין קופּקעלעך אויף די גאַסן, געמאַכט מיט די הענט און געשאָלטן מיט בי־טערע קללות דעם עוכר־ישראל:

— ס'טייטש, יידן! ווי דערלאָזט מען עס גאָר?! ער איז דאָך אונזער טאַטע געווען, נאָכמער ווי אַ טאַטע! אונזערע קינדער אומזיסט געהייטט, פאַר אַן אונזערן אַ „נאַש בראַט" מפקיר געווען זיך... אַ מיתה־משונה האָט ער געמעגט איינ־נעמען, דער עוכר־ישראל, ימח־שמו פאַר זיין מינדסטן נאָגל... גוואַלט, יידן, וואָס שווייגט מען! נישט שוין־זשע איז שוין גאָר לית־דין ולית־דיין?!"

אָט אַזוי האָט מען גערעדט צווישן די מ—ער יידן, אָבער ביי די רייד איז עס געבליבן.

גאַנץ אַנדערש איז אויפגענומען געוואָרן די ידיעה אין די דערפער פון דער אָרעמער פּאָלעסיע, וואוהין ס'האָט אויך דערלאַנגט דער שם פון יאַקוב אַנאַטאָליעוויטש. די פּויערים האָבן לכתחילה נישט געוואָלט גלויבן די דערציילונגען פון די חוצאים, וועלכע זענען צוריקגעקומען אין די דערפער מיט פאַרבאַנדאַזשירטע אויגן, נישט האָבנדיק וואו פאַרצוזעצן זייער קוראַציע. האָבן זיי אַרויסגעשיקט ספּעציעלע שלוחים („כאָדאָקי") אין שטאָט, כדי צו ערקונדיקן זיך דעם אמת. די שלוחים האָבן אינגיכן צעטראָגן די טרויעריקע בשורה איבער דער גאַנצער פּאָלעסיער געגנט. ס'האָט נישט לאַנג געדויערט און אין איינעם אַ זונטאָגדיקן טאָג האָבן זיך אין דער שטאָט מ. אומגעריכט באַוויזן גרויסע מחנות פּויערים און פּויערטעס אין

ווייסע „סוויטקעס” און „לאַפּטיעס”, צופוס און אויף וועגנס, און האָבן זיך אַלע ברייט צעלייגט אויף דעם גרויסן פּלאַץ בייט ראָטהויז קעגנאיבער דעם גובערנאַטאָרס פּאַלאַץ.

דערזעענדיק אַזאַ מחנה פויערים אין שטאָט און דערצו אין אַן אויסערגעוויינלעכער צייט, האָבן זיך די יידן זייער דערשראָקן און כנהוג פאַרשלאָסן זיך הינטער טיר-און-טויערן...

אַ גאַנץ אַנדער איינדרוק האָט געמאַכט דער אויסטערלישער געזעמל אויף דער מ–ר נאַטשאַלסטווע: די לעצטע איז משמעות יאָ אָריענטירט געווען, נאָך וואָס די פויערים זענען געקומען אין שטאָט, און האָבן באַצייטנס אַרומגערינגלט דעם פּלאַץ מיט קאָזאַקן, אָפּשליסנדיק אַלע גאַסן, וואָס פירן צום גובערנאַטאָרס פּאַלאַץ, מיט סטראַזשניקעס און מיט פּאָליציי.

וואָס איז פאָרגעקומען דאַן אויף דעם ראָטהויז-פּלאַץ האָט קיינער נישט געוואוסט. די נאַטשאַלסטווע האָט געהאַלטן בסוד די גאַנצע מעשה און האָט אַפילו אין די צייטונגען נישט געלאָזט וועגן דעם אַ וואָרט דרוקן. אין שטאָט האָבן דע-ריבער צירקולירט פאַרשידענע קלאַנגען וועגן דער משונהדי-קער פויערים-דעמאָנסטראַציע. יש אומרים, אַז די פויערים זענען געקומען צום גובערנאַטאָר בעטן, ער זאָל זיי דערלויבן צו מאַכן א פּאָגראָם אויף יידן... אַזוי ווייניקסטנס, האָט מען געשמועסט צווישן יידן. ויש אומרים – אַז זיי זענען גראָד גע-קומען מיט פרידלעכע כוונות און האָבן געבעטן דעם גובער-נאַטאָר, ער זאָל באַזאָרגן די פרויען פון די רעזערוויסטן, וועלכע האָבן געקעמפט קעגן די יאַפּאַנער אויפן ווייטן מזרח... אַ גרונט פאַר דער לעצטער השערה האָט מען איינגעזען דע-רין, וואָס אין דעם געזעמל זיינען געווען מייסטנס פרויען און קינדער...

ווי ס'זאָל אָבער נישט זיין – צו-אָוונט-צו זיינען די פויערים

זיך צעפּורן פון שטאָט. ווי עדי-ראיה דערציילן, איז עס געווען נישט קיין געוויינלעכער אָפּפאָר, נאָר אַ פּאַנישער געלאַף: די צעשפּוזשעטע פויערשע פערדלעך זיינען געפלויגן באַרג אַראָפּ, ווי די טייוואָלאָנים, און צוליב דעם גרויסן וואָלקן-שטויב האָט מען נישט געקענט זען, וואָס דאָרט איז פאָרגעקומען. זיכער איז נאָר, אַז אין אַ קורצער ווײַלע אַרום איז פון דעם גרויסן געזעמל אויפן פּלאַץ קיין זכר נישט געבליבן; די קאָזאַקן האָבן אַרויסבאַגלייט די פויערשע וועגלעך ביז צו די בראָמען, און שפּעטער מיט לוסטיקע לידער זיך צוריקגעקערט אין די קאַזאַרמעס...

אין שטאָט האָט מען לאַנג זיך געבראָכן דעם קאָפּ איבער דער רעטזעלהאַפטער געשיכטע, אָבער שפּעטער איז די זאַך אויפגעקלערט געוואָרן.

דער פאַרשיקטער יאַקוב אַנאַטאָליעוויטש האָט אָנגעפירט מיט דער „פּלי-אָפּטיילונג צו באַקעמפן די טראַכאָמע אין פּאָליעסער געגנט", וועלכע האָט זיך געפונען אונטער דער אַלערהעכסטער אַפּטרופּסות פון דער מוטער-קייזערין מאַריאַ פעאָדאָראָוונאַ. יאַקוב אַנאַטאָליעוויטש האָט אויף דעם געביט באַוויזן ממש נסים: ער האָט פאַר אַ קורצע צייט כמעט פאַרטריבן דעם שרעקלעכן מהבל פון די פּאָליעסער בלאָטעס און הונדערטער מענטשן פון בלינד זעעוודיק געמאַכט.

מיט יאַקוב אַנאַטאָליעוויטשן האָט געקלונגען גאַנץ פּאָלעסיע און מ'האָט אויף אים געקוקט, ווי אויף אַ שליח פון גאָט, שיר נישט ווי אויף אַ בעל-מופת...

און בעת ס'האָט דערגרייכט צו די פויערים אין די דערפער די ידיעה, אַז זייער יאַקוב אַנאַטאָליעוויטש איז פאַרשיקט געוואָרן, זיינען זיי אַלע, ווי איין מענטש, געקומען אין שטאָט אַריין צו פאָדערן זיין באַפרייאונג. אָנגעפירט מיט דער

מערקווירדיקער מאַניפעסטאַציע האָבן טאַקע אויסשליסלעך יאַקוב אַנטאָליעוויטשעס חולאים, אַט דיזעלבע, וועלכע האָבן געמוזט איבעררייסן זייער קוראַציע אינמיטן...

די פאַרזאַמלטע אויפן ראַטוש-פּלאַץ פויערים האָבן צו-ערשט אַרויסגעשיקט צום גובערנאַטאָר אַ דעפּוטאַציע פון חולאים. און כדי נאָך מער צו רירן דעם גובערנאַטאָרס האַרץ, האָבן די שלוחים אַראָפּגעריסן פון זיך די באַנדאַזשן, האָבן אים גע-וויזן זייערע אייטערדיקע אויגן, געקושט אים די פיס, געוויינט און געבעטן, ער זאָל באַפרייען יאַקוב אַנאַטאָליעוויטשן.

די תּחנונים פון די אומגליקלעכע האָבן אָבער דעם צורר לחלוטין נישט גערירט; פאַרקערט, דאָס האָט אים אַריינגע-בראַכט נאָך אין אַ גרעסערן צאָרן און ער האָט שטאַרק גע-מוסרט די דעפּוטאַציע, וואָס זיי, פּראַוואָסלאַוונע, נעמען זיך גאָר אָן פאַר אַ „זשיד״, אַ מורד-במלכות...

וואָס איז פאָרגעקומען ווייטער צווישן גובערנאַטאָר מיט דער דעפּוטאַציע איז נישט באַוואוסט; מ׳ווייסט נאָר, אַז לויט אַ באַפעל פון גובערנאַטאָר האָבן די קאָזאַקן באַלד צעטריבן די אָנגעפאָרענע פויערים.

די דעפּוטאַציע גופא האָט אויך זייער שלעכט אָפּגע-אָפּגעשניטן: מ׳האָט איר אויף אַ גאַנצע נאַכט פאַרהאַלטן אין אַרעסט און נאָכדעם אונטער אַ וואַך אַרויסגעשיקט צוריק אין די דערפער פונוואַנען זי איז געקומען...

---

אָט אַזוי האָט זיך טראַגיש פאַרענדיקט דער מערקוויר-דיקער פּרווו פון די פּאָליעסער פויערים צו באַפרייען זייער גואל און פאָטער — יאַקוב אַנאַטאָליעוויטשן...

* * *

אויב מיט די ווידערשפּעניקע פּויערים איז דער גובער-נאַטאָר אַזוי לייכט פאַרטיק געוואָרן, האָט ער אָבער מיט דער שטאָט געהאַט צו זינגען און צו זאָגן. אמת, די שטאָטישע יידן זענען נישט געווען אַזוי נאַיִוו צו גלויבן אין דעם גובער-נאַטאָרס חסד און האָבן צו אים קיין דעפּוטאַציעס נישט גע-שיקט, אָבער דערפאַר האָט זיך דאָ געקאָכט און געמורמלט אין דער שטיל, בחדרי-חדרים, אַזוי אַז די אייזערנע האַנט פון צורר איז געווען צו-קורץ צו דערלאַנגען אַהער.

צום אַלעם ערשטן האָט זיך דער צאָרן פון די יידן גע-ווענדעט קעגן דעם אייגנטלעכן שולדיקן פון דער גאַנצער מעשה — קעגן עוכר-ישראל. די ערשטע מפּלה האָט ער טאַקע געכאַפּט אין דער רעאַל-שול, וואו ער האָט געלערנט מיט די יידישע קינדער „זאַקאָן-באָזשי" און פונוואַנען זיין פּרסום האָט זיך אייגנטלעך אָנגעהויבן! די יידישע עלטערן האָבן שוין ווייטער נישט געקענט דולדן אַזאַ חילול-הכבוד און האָבן אָנ-געגעבן אינדיווידועלע בקשות צום דירעקטאָר, ער זאָל באַ-פרייען זייערע קינדער פון „זאַקאָן באָזשי" אין שול, דערביי האָבן זיי זיך אַפילו מתחייב געווען צו לערנען מיט די קינ-דער „זאַקאָן באָזשי" ביי פּריוואַטע לערער. די זאַך איז לכתחילה נישט גאָר לייכט אָנגעקומען, ווייל גראָד האָבן זיך

געפונען אַ פּאָר עלטערן „מה־יפיתניקעס", וועלכע האָבן נישט געוואָלט אָנגעבן אַזעלכע בקשות... אָבער סוף־כל־סוף האָבן זיי, אונטערן דרוק פון דעת־הקהל, געמוזט פּאָרט נאָכגעבן און דער לימוד פון „זאַקאָן באָזשי" איז, מיטן הסכם פון בילדונגס־קוראַטאָריום, ענדלעך בטל געוואָרן...

נאָך דער ערשטער מפּלה איז געקומען באַלד די צווייטע: דאָס געריכט האָט, נעמלעך, איינגעפונען אינגיכן די אומ־שולד פון אַלטן ראַבינער און האָט אים צוריקגעשטעלט אין זיינע רעכט, אַזוי אַז דער עוכר־ישראל האָט אים געמוזט אָפּ־טרעטן דעם פּלאַץ.

און „אם החילות לנפול נפול תפול"—קירצלעך איז טאַקע געקומען אויף דעם עוכר־ישראל די אמתע און לעצטע מפּלה און דווקא פון אַזאַ צד, פון וועלכן ער האָט זיך ווייניקער פון אַלץ געקענט ריכטן...

און געשען איז עס אויף אַן אויסטערלישן אופן, וואָס איז, צוליב דער היסטאָרישער ראָל פון דעם עוכר־ישראל, כדאי אויספירלעך צו דערציילן פאַר די קינפטיקע דורות.

III

אין דער מזלדיקער שטאָט מ. האָט זיך, בעוונותינו הרבים, איינגענעסטעט אַ צווייטע „סטרא־אחרא", פון וועלכער די יידן האָבן געהאַט נישט־ווייניקער אויסצושטיין, ווי פון דעם עוכר־ישראל.

דאָס איז געווען אַ שאַיקע „וואוילע יונגען", וואָס האָבן

אויף זיך איבערגענומען נישט מער און נישט ווייניקער, ווי די השגחה אויף... צניעות.

פלעגט, למשל, אַ מיידל לייכטזיניק זיך אויפפירן אָדער מ׳פלעגט סתם אונטעררעדן אויף איר אין שטאָט, האָבן די „וואוילע יונגעץ" אַזוי לאַנג געטשאַטעוועט אויף דעם מיידל, ביזוואַנען זי פלעגט סוף־כל־סוף אריינפאַלן אין זייער נעץ...

און אַז אָך־און־ווי איז געווען צו דעם מיידל, וואָס איז אריינגעפאַלן אין זייערע הענט: דער אומגליקלעכער קרבן האָט שוין פאַרשאָלטן דעם טאָג פון זיין געבוירן—און ווער ס׳האָט זייער „אפיטרופּסות" פאַרזוכט, האָט זיך בעסער געוואונטשן דעם טויט, איידער אַזאַ לעבן אין שאַנד!..

קיין שום רעטונג פון דער „חברה" איז נישט געווען סיידן אויסקויפן זיך פאַר געלט... אָבער נישט יעדערער האָט אַזוי פיל געלט פאַרמאָגט, וויפל די „וואוילע יונגען" פלעגן זיך הייסן באַצאָלן: ס׳איז גאָר קיין שיעור נישט געווען צו זייער געלט־גיריקייט, מחמת קוים האָבן זיי דערשנאַפּט, אַז מ׳קען צאַפּן, פלעגן זיי ביזן לעצטן העמד אויסטאָן און דאַן ערשט נעמען זיך צו זייער קרבן...

און אַ גאַנצע שטאָט האָט שטיל געליטן פון דער „שאַיקע" און בהכנעהדיק געטראָגן דעם שווערן גורל, ווי אַ גזר מן השמים, וואָס מ׳קען נישט אויסמיידן... אפילו די פּאָליציי איז געווען מאַכטלאָז קעגן דער „חברה", ויש אומרים, אַז זי איז גאָר געווען יד־אחת מיט די „וואוילע יונגען" און האָט געקוקט אויף זייערע מעשים צווישן די פינגער...

און טאָמער האָבן אַמאָל אייניקע דרייסטע יונגעלייט אויף זייער אייגענער האַנט געפּרוווט אָפּרעכענען זיך מיט דער „חברה", האָבן זיי זייער שלעכט אָפּגעשניטן: די „וואוילע יונגען" האָבן זיך אָן זיי שרעקלעך נוקם־געווען — איינעם אַ

„ריקה" אָפּגעריסן, אַ צווייטן דעם שאַרבן צעשפּאָלטן, אַ דריטן מיט אַ מעסער אין זייט מכבד געווען...

און שאַ-שטיל – אַ גאַנצע שטאָט יידן האָט אויך די מעשה-נבלה הכנעהדיק אַראָפּגעשלונגען, זיפצנדיק בלויז אין דער שטיל, „אַז צו זיין ביי יידן אין גלות איז נאָך טויזנט מאָל ערגער, ווי ביי גויים"...

בלויז איינמאָל האָט פאַר דער שטאָט מ. פלוצלונג אַ שטראָל האָפענונג אויפגעשיינט און ס'האָט זיך געדאַכט, אַז מ'ווערט פון דער „חברה" ענדלעך שוין פטור אויף תמיד.

דאָס איז געווען דאַן, בעת די „וואוילע יונגען" האָבן גענומען פראַווען דיזעלבע טריפה'נע שטיק אויך אויף דער פאָרשטאָט לופּאָלאָוו. די לופּאָלאָווער גאַרבער און קצבים איז נישט געפעלן געוואָרן, וואָס זיי, די „וואוילע יונגען", נעמען ביי זיי צו די מיידן – און איינמאָל אין אַ שבתדיקן טאָג, גאָכן טשאָלנט, ווען די גאַנצע לופּאָלאָווער יוגנט פון ביידע געשלעכטער האָט, ווי געוויינלעך, אַרויסגעשאָטן שפּאַצירן אויפן גרויסן בריק איבערן דניעפּער, האָט זיך די שלאַכט אָנגעהויבן. די לופּאָלאָווער אַרבעטער האָבן, לויט אַ פריערדיקן אָפּרייד צווישן זיך, די ערשטע געמאַכט פליטה פון בריק און האָבן אַזוי-אַרום פאַרפירט די „וואוילע יונגען" ווייט אין דעם גאַרבער-קוואַרטל. דאָ האָבן זיך די אַנטלאָפענע צוריקגעקערט מיטן פנים צו די „וואוילע יונגען" און ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ געפּעטש, אַן אמתע מלחמה, וואָס זינט לופּאָלאָוו שטייט האָט מען נאָך אַזוינס נישט געזען. די גאַנצע שטאָט האָט געקאָכט מיט דער „מלחמה". פון ביידע צדדים זענען געלאָזט געוואָרן אין גאַנג דרענגער, שטיינער, מעסערס, העק און אפילו רע-וואָלווערן. דאָס גאַנצע גאַרבער-געסל איז כהרף-עין פאַרפלייצט געוואָרן מיט בלוט. די „וואוילע יונגען" האָבן דאָ, ווי מען

דערציילט, געוויזן ממש איבערמענטשלעכע גבורות, איבערהויפּט דער „דריילינג" — זלמן אָקס, מאירקע פּאַנאַס און מלך דער גובערנאַטאָר. באַוואָפנט בלויז מיט הילצערנע דרענגער, וואָס זיי האָבן טאַקע דאָ אויסגעריסן פון אַ פּאַרקאַן, האָבן זיי געפּאָכעט אויף רעכטס און אויף לינקס און האָבן אַ לאַנגע צייט, נישט געקוקט אויף די באַקומענע מעסער־ און שטיינער־וואונדן געטריבן פאַר זיך אַ המון פון הונדערטער קצבים און גאַרבער — אַלץ געזונטע און דרייסטע יונגען, וואָס קענען פּאַרטראָגן אַ קלאַפּ און אַליין אויך מכבד־זיין מיט אַ קלאַפּ... און ווער ווייסט מיט וואָס די מלחמה וואָלט זיך געענדיקט, ווען נישט די דזיעבערער בעלי־עגלות און די גוייִשע „נאַשע גאַר־בער", וועלכע זיינען באַצייטנס געקומען צו הילף און האָבן דעצידירט דעם קאַמף. אונטערשטעלנדיק זייערע ברייטע אייזערנע פּלייצעס אונטער די געפּערלעכע קלעפּ פון די דרענגער, האָבן די בעלי־עגלות ביסלעכווייז אַרומגענומען, ווי מיט אַ רינג, דעם „דריילינג" און, דריקנדיק זיי אַלץ נעהנטער צו די ווענט פון די הייזער, ענדלעך באַהערשט זייערע כּלי־זין...

אָבער אויך נאָכדעם האָבן זיך די „וואוילע יונגען" נישט אונטערגעגעבן און ס'האָט זיך פון־ס'ניי צעפּלאַקערט אַ ברוטאַלער האַנט־און מעסער־קאַמף, וואָס האָט געדויערט אַ לענגערע צייט. און מערקווירדיק! נישט־קוקנדיק אויף דעם גרויסן איבערוואָג, וואָס איז געווען ביי דעם צד־שכנגד, האָט דאָך דאָס קליינע הייפעלע „וואוילע יונגען" געטיילט אָן אויפהער קלעפּ אויף אַלע זייטן, און אָפּגייענדיק אַליין מיט בלוט, האָבן זיי דאָך ביזן לעצטן אָטעם געקעמפט...

צענדליקער מענטשן זיינען געפאַלן אונטער זייערע קלעפּ; צעמזיקטע, צעקאַליעטשעטע. אָבער אויך די „וואוילע יונגען"

זיינען נאָך אַ פּאָר-שעהדיקן קאַמף סוף-כּל-סוף גענביבן ליגן צעניזוקטע און גוסטדיקע אויפן שלאַכט-פעלד...

אין שטאָט האָט די מפּלה פון די „וואוילע יונגען" אַרויסגערופן אַן אומבאַשרייבלעכע פרייד.

די יידישע באַפעלקערונג האָט פרייער אָפּגעאָטעמט, אויך זייערע פּרויצן-קרבנות האָבן זיך ביסלעכווייז גענומען צוריק-קערן אין זייערע היימען — צו דער גרעסטער פרייד פון זייערע מוטערס.

נישט לאַנג האָט אָבער אָנגעהאַלטן די פרייד: צום גרעסטן וואונדער פון אַלע מ—ער יידן, האָבן אין אַ צייט אַרום די „וואוילע יונגען" זיך ווידער באַוויזן אין שטאָט און ווידער גענומען זיך צו זייער טריפה'נער „מלאכה", פונקט ווי ס'וואָלט גאָרנישט געשען.

אַנדערע אויף זייער אָרט וואָלטן שוין מסתמא אַזאַ הריגה נישט איבערגעטראָגן, אָבער פאַר די „וואוילע יונגען" איז דאָס געווען, ווי ס'ווייזט אויס, בלויז אַ שפּילכל: זייער ווילד-פלייש האָט נישט גענומען נישט קיין קוילן און נישט קיין מעסערס, און אפילו מיט צעקריפּלטע איברים האָבן זיי אַלץ אָנגעוואָרפן אַן אימה אויף דער שטאָט.

דער אַטאַמאַן פון דער „שאַיקע", מענדעלע דרייפוס האָט פון דער מעשה אַן אונטערגעהונקען אויף אַ פוס, אָבער זיין אויסטערלישער שטעקן האָט אים פולשטענדיק פאַרביטן די צעבראָכענע פוס און ער איז נאָך אַלץ געווען דער בייזער גייסט פון דער „שאַיקע". אויך דעם „דריילינג" איז געווען מער נישט צו דערקענען: ביי „זלמן אָקס" איז אויסגעוואַקסן אויפן רוקן אַ דרייגאָרנדיקער האָרב, אָבער טראָץ דעם איז זיינער אַ בוכט מיטן שטעקן נאָך אַלץ געווען געפערלעכער, ווי מיט די הערנער פון אַ ווילדן אָקס; ביי „מלך דעם גובער-

נאַטאָר" איז קיין שפור פון אַ פּנים נישט געבליבן, אָבער זיינע אייזערנע הענט האָבן נאָך אַלץ געקענט אָפּהאַלטן אַ לויפנדיקן וואָגן, געשפּאַנט מיט דריי ווילדע פערד; אויף „מאירקע פּאַנאַס", אויף וועלכן מ'האָט דערציילט, אַז ער איז געבליבן מיט איין לונג און מיט איין ניר, האָט איינער אַליין געקעמפט קעגן אַ צענדליק סטראַזשניקעס און אַ גאַנצע קאָפּטע „דוואָרניקעס", וועלכע האָבן אים בשום אופן נישט געקענט פון אָרט רירן...

הכלל, די „שאַיקע" האָט ווידער געשאַלטעוועט און גע-וואַלטעוועט אין שטאָט, און די יידן האָבן, כּנהוג, ווידער גע-קרעכצט, טרייסטנדיק זיך בלויז דערמיט, „וואָס אַ דונער, אַז ער שלאָגט אַריין אין אַ שטאָט — טרעפט ער דאָך נישט אין אַלע הייזער, און „אַז דער גרויסער פאָטער אין הימל וועט נישט וועלן, וועט זיין טאָכטער קיין בייז נישט געשען"...

און נאָך אַ נחמה האָבן די יידן געהאַט: פון „יענער מעשה" אָן האָבן די „ווילדע יונגען" געלאָזט לופאָלאָוו צו-רו, פאַר אַ לופאָלאָווער האָבן זיי דרך-ארץ געקראָגן און די לופּ-לאָווער יידן מער נישט געוואַגט צו טשעפּען...

איז טאַקע דער נאָמען „לופאָלאָווער" געוואָרן די בעסטע סגולה קעגן די „ווילדע יונגען"; און בעת אַ יונג פּאָרל פלעגט זיך באַגעגענען אויף-דער-נאַכט מיט זיי אין אַן אָפּגעלעגן געסל, האָט געניגט נאָר צו דערמאָנען דאָס וואָרט „לופאָלאָווער" און מ'איז בשלום מיט די ביינער אַרויס, מ'האָט בלויז באַדאַרפט אויסשטיין אַ שטיקל עקזאַמען בנוגע לופאָלאָווער שלשלת-היוחסין...

ווי געזאָגט שוין, איז דידאָזיקע „שאַיקע" געווען אַ ספּעציעל-יידישע אָנשיקעניש, און ס'האָבן פון איר געליטן אויך כּמעט הויפּטזעכלעך יידן. למען-האמת מוז מען אָבער

זאָגן, אַז ביי אַלעם דעם האָט דאָך ביי די „וואוילע יונגען״ ערגעץ טיף געטליַצט דאָס „פּינטעלע ייד״.

צום ערשטן מאָל האָט זיך דאָסדאָזיקע פּינטעלע אַנטפּלעקט בעת אין דער שטאָט מ. האָט אַנומלט אויסגעבראָכן אַ פּאָגראָם און די אָנגעפּאָרענע פּויערים האָבן אָנגעהויבן ראַבירן דעם צלטן-מאַרק. אַלע יידן האָבן זיך באַהאַלטן אויף די בוידעמער און אין די קעלערס, איבערלאָזנדיק זייער האָב-און-גוטס אויף הפקר, — אָבער די „וואוילע יונגען״ זיינען גראָד אַרויס אין קאַמף מיט די פּאָגראָמשטשיקעס און מיט די אויסגעריסענע „אָגלאָבליעס״ פון די פּויערישע וועגעלעך צעטריבן אַ המון פון פיל הונדערטער כוליגאַנעס.

דאָ האָט זיך ערשט אַריינגעמישט די פּאָליציי (דאָס איינציקע מאָל, ווען די פּאָליציי האָט אינטערווענירט קעגן די „וואוילע יונגען״) און האָט אויפגענומען אַן אמתע מלחמה קעגן זיי. די „וואוילע יונגען״ האָבן זיך אַרויסגעוויזן פיל שטאַרקער אפילו פאַר דער פּאָליציי מיט אירע באַגנעטן, און האָט געמוזט מיט חרפּה רעזערטירן פון שלאַכט-פעלד...

פאַרשטייט זיך, אַז די פּאָליציי האָט געמאַכט אַ שווייג וועגן דער גאַנצער מעשה, מורא האָבנדיק פאַר דעם צאָרן פון דער העכערער „נאַטשאַלסטווע״...

## IV

צום צווייטן מאָל האָט דאָס „פּינטעלע יוד" אויפגעוואַכט בײַ די „וואוילע יונגען" נאָך דער באַקאַנטער מעשה מיטן „עוכר-ישראל" אין דער גרויסער שול.

נאַטירלעך, זיינען די סימפּאַטיעס פון די „וואוילע יונגען" געווען נישט אויפן צד פונעם פאַרהאַסטן „עוכר-ישראל", נאָר גראָד פונעם פאַרשיקטן יאַקוב אַנאַטאָליעוויטש, וועלכער איז געווען שטאַרק באַליבט אין די אָרעמע קוואַרטאַלן.

די „וואוילע יונגען" האָבן אויף זייער שטייגער רעאַגירט אויף דער מעשה-נבלה, מיט וועלכער ס'האָט געקאָכט דאַן די גאַנצע שטאָט מ.

און מעשה שהיה כך היה:

דאָס איז געווען דעם צווייטן טאָג שבועות. און אַ מנהג איז געווען אין דער שטאָט מ., אַז שבועות נאָכן דאַווענען פלעגן אַלע יידן פון קליין ביז גרויס אַרויסלאָזן זיך הינטערן שטאָט צו פּראַווען „מאַיאָווקע". דאָס איז געווען אין דער שטאָט מ. אַזוי אָנגענומען פּונקט ווי, להבדיל, גיין צום „תשליך" דעם 2-טן טאָג ראש-השנה אָדער אַ שטייגער צו וואַרפן זיך מיט „בערעלעך" אין תשעה-באָב.

באַזונדערס זיינען באַליבט געווען ביי דעם יידישן עולם די אַזוי-גערופענע דאַטשע-געגנטן „קאַרבאַנאָווקע" און „פּעלאַ-הייפּווקע", וועלכע האָבן זיך ווירקלעך אויסגעצייכנט מיט זייער פּרעכטיקער לאַנדשאַפט, מיט די וואונדערלעך-שיינע בערג און טאָלן און נאָך מער מיט דער קלאָרער צויבער-פולער „דובּ-ראַווענקאַ" און מיט די אָזיערעס, וועלכע האָבן זיך צוגעטוליעט צווישן די בערג.

גראָד האָט זיך דעמאָלט אויסגעגעבן אַ זעלטן-פיינער זומערדיקער טאָג. די סיוונדיקע זון האָט זיך מחיה'דיק צע-גליט און האָט אָנגעפילט גאָר דעם ערד-באַשאַף מיט יום-טוב'דיקער פרייד און לעבנס-לוסט. יעדער, ווער ס'האָט נאָר געהאַט פיס צום גיין, האָט זיך אַוועקגעלאָזט צופוסנס הינטערן שטאָט, מיטטראָגנדיק מיט זיך די בעסטע שבועות'דיקע מאכלים, כדי צו פראַווען אונטערן פרייען הימל די יום-טובדיקע סעודה.

אַלע בערג אַרום דער דובראָווענקא זענען שוין באַצייטנס באַזעצט געווען פון די זריזין, וועלכע האָבן זיך מקדים-געווען צו פאַרכאַפּן דאָ אַ פלאַץ פאַר דער שבועות'דיקער „מאַיאָווקע".

ס'זענען געווען פאַמיליעס, וועלכע האָבן דאָ אויף די בערג געהאַט אַפילו זייערע יאָריקע ערטער און וואָלטן פאַר גאָר הון דעלמאָ נישט אָפּגעטראָטן עס אַן אַנדערן...

אויף די רוקנס פון די ריזיקע בערג האָבן זיך אונטער דער השגחה פון די עלטערן געשפּילט דערווייל די קליינע קינדערלעך, יאָגנדיק זיך נאָך די מאַיאָווע שמעטערלינגען און פליגעלעך.

אויך די יוגנט האָט זיך דאָ אויף איר שטייגער געוויילט און אַמוזירט לכבוד שבועות. קיין פאַרוויילונגען האָבן דאָ נישט געפעלט: כל-ערליי פּיפּיקע אונטערנעמער האָבן זיך שוין באַ-צייטנס צוגעגרייט אויפצונעמען דאָ דעם גרויסן שבועות'דיקן עולם און האָבן אָנגעגרייט וואָס אַ מויל קען נאָר רעדן.

אויף יעדן שריט-און-טריט זיינען אויסגעבויט געווען הוידעס, „גאַלאַגאַנעס" און נאָך פאַרשידענע שפּילן, וואָס האָבן צוגעצויגן דעם יונגן עולם. אָבער די באַליבטסטע פאַרוויילונג ביי דער יוגנט איז דאָך געווען צו שיפן זיך אויף די אָזיערעס. זיינען געווען דאָסמאָל אויף שיפלעך אַזוי פיל בעלנים, אַז מ'האָט גע-דאַרפט שעהן-לאַנג וואַרטן ביזוואַנען ס'וועט זיך באַפרייען אַ שיפל.

צווישן דעם שבועות׳דיקן עולם אין „קארבאנאָווקע״ זיינען נאַטירלעך געווען אויך אונזערע באַקאַנטע „וואוילע יונגען״. און ס׳האָט גאָר אַנדערש נישט געקענט זיין אויך: ביי אַזאַ „גרויסער איבערזידלונג פון פעלקער״, ווען די גאַנצע שטאָט בוכשטעבלעך האָט זיך מיט האַק-און-פּאַק אַריבערגעפּעקלט אַהער צווישן די בערג און אָזיערעס, וואָלט מען זיך, פאַרקערט, גאָר באַדאַרפט וואונדערן, אויב זיי וואָלטן דאָ נ י ש ט געווען...

לכבוד דעם שיינעם יום-טוב האָבן זיך אויך די „וואוילע יונגען״ יום-טוב׳דיק געפילט און האָבן זיך אויסגעווײלט אַלס שפּיל צו קלעטערן אויף דעם ריזיק-הויכן גלאַטן סלופּ. דאָס שפּיל איז באַשטאַנען דערין, וואָס דער, וועלכער קלעטערט-אַרויף אויפן סלופּ און דערלאַנגט ביז צו דעם שטריקל מיטן גלאָק, וואָס איז צוגעשלאָגן צו זיין שפּיץ, דער באַקומט אַלס פּ־עמיע אַ גאָלדענעם זייגער. די „וואוילע יונגען״ זיינען געווען אַלע שטאַרקע בעלנים צו באַקומען אָט דעם גאָלדענעם זייגער און יעדער פון זיי האָט געפּרוּווט מזל; אָבער געלונגען דער קונץ איז נאָר מאירקע פּאַנאַס.

בעת מאירקע פּאַנאַס האָט שוין געהאַט דערגרייכט ביז צו דעם שווינדלדיקן שפּיץ פון סלופּ און האָט אָנגעהויבן אין ווילדער פרייד קלינגען אין גלאָק, איז צווישן דעם עולם, וואָס האָט זיך צוגעקוקט צום ריזיקאַלישן נומער, פּלוצלונג דורכגעפלויגן אַ פּליסטער: „דער עוכר-ישראל!״..

אוןווירקלעך איז אַ ביסל פונדערווייטנס, אָפּגעזונדערט פון עולם, געשטאַנען אין זיין שוואַרצער פעלערינע דער „עוכר-ישראל״, וועלכער האָט זיך צוזאַמען מיט אַלעמען צוגע-קוקט צו דעם געפערלעכן טריוק.

באַמערקנדיק, אַז ער האָט אויך זיך געצויגן אַלעמענס

אויפמערקזאַמקייט, און וועלנדיק משמעות אויסמיידן דעם פיינד-לעך-געשטימטן עולם, האָט זיך דער „עוכר-ישראל" געגומען צוריקציען, פאַרקערעווענדיק צום ברעג פון אָזיערע, וואו ער איז טאַקע באַלד פאַרשוואונדן צווישן די געדיכטע קשאַקעס.

ס'איז שוין אָבער געווען צו-שפּעט. די „וואוילע יונגען" האָבן באַמערקט די ריכטונג, וואוהין ער איז פאַרשוואונדן גע-וואָרן—און פאַרגעסנדיק אָן דעם גאָלדענעם זייגער מיט אַלץ-מיט-אַנאַנדער, האָבן זיי זיך תיכף אַוועקגעלאָזט צו פאַרפאָלגן אים נאָך די פרישע טריט.

אין אַ קורצער ווײַלע אַרום האָבן זיי אים טאַקע געפאַקט צווישן דעם געדיכטן אייאיר און האָבן אויף זייער שטייגער ווילד אָפּגערעכנט זיך מיט זייער קרבן.

נישט-געקוקט אויף זיינע פאַרצווייפלטע געשרייען, האָבן זיי אים אויסגעטאָן מוטער-נאַקעט און מיט די קראָפּעווע, וואָס זיי האָבן טאַקע דאָ אָנגעריסן, האָבן זיי ביז בלוט צעשמיסן זיין לייב...

אָפּטאָענדיק זייער ווילד שטיקל אַרבעט, האָבן זיי זיינע בגדים אַרייגגעוואָרפן אין אָזיערע און זייער קרבן, אַ נאַקעטן, אַ פאַרבלוטיקטן, אַוועקגעוואָרפן צווישן דעם אייאיר.

ערשט אין אַ פּאָר שעה אַרום האָט די פּאָליציי געפונען דעם אומגליקלעכן אין דעם אייאיר און אַוועקגעפירט אים אין שפּיטאָל...



בעת דער צורר דער מ—ר גובערנאַטאָר האָט זיך דער-וואוסט פון דער מעשה, האָט ער תיכף פאַראָרדנט צו כאַפּן

אַלע „וואוילע יונגען", ווי ס'זאָל נישט זיין — טויטע אָדער לעבעדיקע... צו דעם צוועק זיינען מאָביליזירט געוואָרן אַלע סטראַזשניקעס, פּאָליציי און אפילו זשאַנדאַרמען פון שטאָט און אויעזד. צו דערפילן דעמדאָזיקן שטרענגן באַפעל פונם גובערנאַטאָר איז אפילו אָנגעקומען נישט-לייכט — נישט איין סטראַזשניק און זשאַנדאַרם האָט טייער באַצאָלט פאַר זייער אַרעסט, אָבער צומאָרגנס אינדערפרי זיינען שוין אַלע „וואוילע יונגען" מיט מענדל דרייפוס בראש, געשמידטע אין קייטן, געזעסן אין מ—ר טורמע.

דער משפט איבער זיי איז פאָרגעקומען אויסערגעוויינלעך גיך און הארב. אויפן געריכט האָבן זיך אַגב ביי אַלעמען אויפגעבונדן די צינגער און ס'זיינען באַקאַנט געוואָרן אַלע זייערע מעשים-תעתועים, וועלכע זיינען ביז-אַהער אומבאַשטראָפט געבליבן. דאָס געריכט איז געווען אומגעהויער שטרענג און האָט זיי אַלעמען פאַרמשפּט אויף פיל יאָר קאַטאָרגע...

אָט אַזוי האָט זיך אומגעריכט פאַרענדיקט דער טרויעריקער קאַפּיטל, וואָס איז באַקאַנט אין דער געשיכטע פון דער שטאָט מ. אונטערן נאָמען „וואוילע יונגען".

גלייכצייטיק איז אָבער אויך פאַרענדיקט געוואָרן אַ צווייטער טראַגישער קאַפּיטל, וואָס טראָגט דעם נאָמען „עוכר-ישראל" —

ער איז, זינט דער אויבנבאַשריבענער מעשה, אינגאַנצן פאַרשוואונדן געוואָרן פון דער שטאָט און קיינער האָט פון אים מער נישט געהערט און נישט געדענקט—זיין געדעכעניש איז אָפּגעווישט געוואָרן פון דער ערד!...

# דער רבֿ פֿון המון.

אָפּגעזונדערט פֿון דער וועלט און באַהאַלטן פֿון מענטשן האָט געלעבט אין ווילנע אויפֿן דורכהויף אַן אָרימער פּאָדים-קרעמער.

קיינער האָט נישט געוואוסט פֿונוואַנען ער קומט און ווי ער הייסט.

און וויאַזוי האָט מען עס געזאָלט וויסן? קנאַפּ יידן אַזעלכע האָבן זיך אַרומגעבלאָנקעט אין יענער צייט אין דורכהויף און האָבן אויסגעלעבט דאָרט זייערע יאָרן, פֿאַרגעסן פֿון גאָט און פֿון לייטן?..

האָט זיך אויך דער אָרימער פּאָדים-קרעמער געלעבט דאָרט אינדערשטיל און קיינער האָט זיך אויף אים נישט אומגעקוקט.

די „עקרת-הבית” איז, ווי געוויינלעך אין יענע צייטן, געווען דאָס ווייב, וועלכע פֿלעגט זיצן גאַנצענע טעג אין דורכהויף און פֿאַרקויפֿן פּאָדים און ער, דער מאַן — ר' משה האָט מען אים גערופֿן — פֿלעגט זיצן פֿאַררוקט ערגעץ אין אַ ווינקל פֿון קראָם, פֿאַרטיפֿט אין אַ הייליקן ספֿר.

אויך זיין אויסזען איז געווען גאָר נישט קיין וואַזשנער: אַ קליינס און אַ דאַר יידל, איינגעהויקערט, אין אַן אָרימער

צעריסענער קאַפּאָטע, — האָט ער אַפילו צווישן די אָרימע יידן פון דורכהויף אויסגעזען גיכער, ווי אַ בעטלער איידער ווי אַ קרעמער...

אין דעמזעלבן אָרימען הלוך פלעגט מען אים זען שבת און יום-טוב אין קלויז; זיין אָרט איז דאָרט תּמיד געווען לעבן טיר, צווישן אַלע אָרימע לייט; איינגעהילט אין זיין אַלטן טלית איבערן קאָפּ, פלעגט ער די גאַנצע צייט פון דאַווענען שטיין אויף די פיס, שאָקלענדיק שטיל מיט די ליפּן, אַזוי, אַז מ'האָט גאָרנישט געקענט וויסן, צי דער זומבאַקאַנטער דאַוונט, אָדער ער מאַכט זיך דאַוונענדיק...

געלעבט האָט ר׳ משה מיט זיין פאַמיליע אין גרויס דחקות. זיין קליין קרעמערל האָט ווייניק געגעבן אויף חיונה און ער האָט מיט זיינע בני-בית געמוזט אָפטמאָל אַפילו צו-הונגערן. אָבער נאָך ביטערער איז געווען ווינטער-צייט: דער פדיון איז געווען אַזוי קליין, אַז ס'איז אַפילו נישט געווען פאַראַן צו קויפן אַ שייטל האָלץ—פלעגט טאַקע ר׳ משה זיצן אין די לאַנגע ווינטער-נעכט אין זיין נישט געהייצטער וואוי-נונג און פלעגט פרירן איינגעטוליעט אין זיין צעריסענעם פעלצל...

אָבער פלוצלום האָט פאַר דער אָרימער פאַמיליע פון דעם פּאָדים-קרעמער אויפגעשיינט די זון און די קליינע פּאָדים-קרעמל אין דורכהויף איז געוואָרן דער צענטער, וואוהין ס'האָבן זיך געצויגן אַלע יידישע אויגן און אַלע יידישע הערצער.

און געשען איז עס אַזוי:

דער אַלטער רב פון שטאָט האָט געהאַלטן ביים שטאַרבן. פאַרן טויט האָבן זיך בונויפגעקליבן צו אים אַלע פּרנסים און די גרעסטע נגבדים פון שטאָט און, דערזעענדיק, אַז ס'קומען

אַן דעם רבס לעצטע מינוטן, האָט דער גאַנצער עולם אָנגע־הויבן קלאָגן און וויינען:

— רבי, רבי, אויף וועמען פאַרלאָזט איר אונז?...

דאַן האָט דער גוססדיקער רב אָנגעשטרענגט זיינע לעצ־טע כחות און, אוועקזעצנדיק זיך אויפן בעט, האָט ער געזאָגט:

— זאָרגט נישט, קינדערלעך, איך לאָז איך איבער אַ גרעסערן ממלא־מקום, ווי איך בין... גייט אויפן דורכהויף — דאָרט אין אַן אָרעם־קרעמל זיצט אַ ייד ר׳ משה. דער ייד איז אַ נסתר. זייט וויסן, אַז דאָס איז איינער פון די גרעסטע צדיקי־הדור, וואָס זיין זכות איז מגין אויף אונז. אים זאָלט איר פאַר אַ רב מאַכן...

דער גאַנצער פאַרזאַמלטער עולם מיט אַלע פרנסים זיי־נען דערשטוינט געוואָרן פון דעם רבס ווערטער, אָבער קיינער האָט נישט געוואַגט עפּעס פרעגן, ווייל אין דעם מאָמענט האָט דער רב צוגעמאַכט די אויגן און האָט אויסגעהויכט זיין הייליקע נשמה.

מ׳האָט דעם פאַרשטאָרבענעם רב מיט גרויס כבוד מלוה געווען ביז צו זיין אייביקן אָרט. גאַנץ שטאָט האָט געוויינט אויף דעם קבר פון הייליקן צדיק און, קומענדיק צוריק פון פעלד, האָט מען געטראַכט וועגן זיין מערקווירדיקער צוואה.

די פרנסים פון שטאָט האָבן תיכף אָפּגעהאַלטן אַן אסיפה און ס׳איז פה־אחד באַשלאָסן געוואָרן צו מקיים זיין דעם רצון פונם פאַרשטאָרבענעם רב. די פרנסים זענען תיכף־ומיד אַוועק אויפן דורכהויף און נאָך לאַנגע חקירות ודרישות קוים אויס־געזוכט דאָס פאָדים־קרעמל פונם נסתר און אים איבערגעגעבן די צוואה פונם רב.

ר׳ משה האָט לכתחילה קיין זאַך נישט געוואָלט הערן — ער האָט קאָנטיק נישט געוואָלט נתגלה ווערן, נאָר דער רצון

פון דעם רב איז ביי אים הייליק געווען און ער האָט סוף-כּל-סוף איינגעשטימט אָנצונעמען די רבנות, אָבער מיט דעם תּנאי, אַז קיין שכירות זאָל ער דערפאַר נישט באַקומען, ער האָט איינגעפונען, אַז פאַר אים איז גענוג, וואָס דאָס ווייב פאַרדינט פון איר קראָם.

האָט אָבער די שטאָט באַלד ליב געקריגן איר נייעם רב פאַר זיין גרויס ענוות און זעלטענע מידות, האָט מען אים געוואָלט מהנה זיין, און אַלע שניידער האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו אים אין קרעמל קויפן פאָדים. האָט די רביצין קיין הענט נישט געהאַט צו פאַרקויפן אַלעמען און האָט געוואָלט צונעמען אַ מענטשן אין קראָם.

האָט דער רב באַמערקט, אַז זיין פרוי האָט אָנגעהויבן פירן די שטוב צו ברייטלעך, האָט ער איר געפרעגט: וואָס איז די מעשה, וואָס זי האָט אָנגעהויבן בעסער צו לעבן? וואו נעמט זי געלט דערויף?

— מיר לייזן איצט מערער!—האָט די רביצין געענטפערט.

— הער, מיין ווייב!—האָט ר׳ משה געזאָגט: כ׳פאַרשטיי דאָך, אַז מ׳קויפט איצט ביי דיר סחורה צוליב מיין רבנות. כ׳וויל אָבער נישט הנאה האָבן פון דער תּורה... אַזוי, אויב דו ווערסט באַמערקן, אַז דו האָסט פון זונטיק ביז מאָנטיק פאַרקויפט אַזוי פיל פאָדים, וויפל דו פלעגסט פאַרקויפן פריער, איידער איך בין אַ רב געוואָרן, זאָלסטו מאָנטיק פאַרמאַכן די קראָם אויף דער גאַנצער וואָך, מחמת איך וויל נישט ברענגען קיין שאָדן די איבעריקע קרעמער...

די פרוי האָט אים געפאָלגט — אַ גרויסע צדקנית געווען, און פלעגט זונטיק נאָך האַלבן טאָג שליסן די קראָם אויף אַ גאַנצע וואָך.

אָבער אויך דערדאָזיקער מיטל האָט נישט געהאָלפן.

אַז די שניידער האָבן זיך דערפון דערוואוסט, האָבן זיי אָנגעהויבן איינצוקויפן ביי איר סחורה זונטיק אינדערפרי אויף אַ גאַנצע וואָך. און די שפע אין ר' משהס שטוב איז נאָך גרעסער געוואָרן: מ'האָט שוין אַלע טאָג פלייש געגעסן צו מיטאָג און אַמאָל אויך צו וועטשערע.

דאָס האָט געקרענקט ר' משהן און ער האָט געהייסן אויך זונטיק האַלטן פאַרמאַכט די קראָם, עפּענענדיק זי נאָר פרייטיק אויף אַ פּאָר שעה.

האָט מיט דעם אָרימען קרעמער פון דורכהויף, וואָס האָט זוכה געווען צו אַזאַ גדולה, באַלד גענומען קלינגען די גאַנצע געגנט אַרום. איבערהויפּט איז ער טאַקע שטאַרק באַ־ליבט געווען ביי דעם פשוטן פאָלק, וועלכער האָט דעם צדיק ממש פאַרהייליקט. האָט מען אים גערופן אין שטאָט „דער רב פון המון".

האָט דאָס פאָלק אויף אַלע אופנים געזוכט אַרויסצוווייזן זיין דאַנקבאַרקייט דעם באַליבטן רב, האָט מען געטראָגן אים פון אַלע זייטן מתנות: ווער אַ טלית, ווער אַן עטרה און ווער עפּעס אַנדערש. האָט די חברה שמוקלער אויך געוואָלט מיט עפּעס אַרויסווייזן זייער ליבשאַפט צום רב און האָבן ערב יום־כפור צוגעטראָגן אים אַ מתנה אַ זילבערנעם גאַרטל, אַ קונסט־ווערק, אויף וועלכן ס'זיינען מיט גאָלד אויסגענייט געווען די ווערטער: „אבינו מלכנו כתבנו בספר גאולה וישועה".

און געווען איז ר' משה אַ גרויסער עניו און שונא־בצע, וואָס זיין גלייכן איז גאָרגישט געווען אין זיין דור. האָט אים הקב"ה דערפאַר געבענטשט מיט אַן אייניקל המכונה הגר"א, וועמען עס איז באַשערט געווען צו ווערן די קרוין פון ירושלים־דליטא.

---

